ד. האפשטיין

# געזאמלטע ווערק

ערשטער בּאנד

ליריק

*

דאָרט אף בלויע נאכטן-שנייען
צווישן הוילע בוימער־ריטער
שפאנט מיין מאלאך, שפאַנט דער היטער
פון די ערשטע, שטומע ווייען...

אונטער הויכן, הייסן הימל,
אף באזונטע ברייטע וויטן
שוועבט מיין יוגנט א פארשייטע
אין א גאָלדן קאָרן־רעמל.

שנייען, ברייטן, הימלען קלאָרע —
אייך מיין ערשטע, אייך מיין לויטערע אזקאָרע!...

---

אין ווינטער-פארנאכטן.

א.

דארט איבער שטעט האט שוין געקלונגען
פון שפיץ פון טורעם אי איינס, אי צוויי...
אין טהאם פון נאכט, אין לאנד פון שניי
איז איינס א דערפעלע פארזונקען.

ווי אינזעלאך פון מענטשן-רו,
אין שטרוי פארהילט, אף נאכט פארוואָרימט,
מיט שטאַל און פלויט אין שלאף געארעמט
פאר הייזעלע א הייזל האלט זיך צו.

די שטערנדיקע שטילקייט הערט זיך איין
אין שטילן אטעם פונ׳ם לעבן —
אין הייזל איינעם איז פארבליבן
א שטילע ראד פון לאמפן-שיין...

די שלעפערדיקע ווינקלען הערן קאם
פון טיש א שארך פון בלעטער,
נאר יונגע אויגן ווערן אלץ ניט זעטער...

. . .

א בינטל ציטעריקע יאר
פארזונקען איז אין שטראם פון צייטן,
א שארפער בליק—אין ווייטסטע ווייטן,
א יונגער גייסט—אין וועלט אין גאר...

. . .

עס שטאמט מיין מוט פון יענער נאכט,
פון יענער נאכט—מיין שטאלצער טרויער,
כ׳האב איינזאם פריי שוין דאן געוואכט
באַם לעבנס-טיר, באַ וועלטנסטויער.

ב

אין ווינטער-פאַרנאַכטן אף רוסישע פעלדער!
וואו קאן מען זיין עלנדער, וואו קאן מען זיין עלנדער...

אַ פערדל אַן אַלטינקס, אַ סקריפנדער שליטן,
אַ שליאַך אַ פאַרשנייטער — און איך בין אינמיטן.

פון אונטן, אין אייגציקן ווינקל אין בלאַסן,
נאָך לעשן זיך טרויעריק טליענדע פאַסן.

פון פאָרנט פאַרשפרייט זיך אַ מידבער אַ ווייסער,
און ווייט דאָרט צעזייט איז אַ צענדלינגל הייזער—
דאָרט דרימלט אַ כוטאָר, פאַרזונקען אין שנייען...

צום אידישן הייזל פיל סטעשקעלאַך גייען.
אַ הייזל, ווי אַלע, נאָר גרעסער די פענסטער,
און צווישן די קינדער דאָרט בין איך דער עלטסטער...

און איינג איז מיין ווענטל, און קליין איז מיין רעדל:
אין צוויי וואָכן איין מאָל פון כוטאָר אין שטעטל,

און בייגקען אין שווייגן פון פעלדער פון ברייטע,
פון ווענן און וועגלאַך פאַרשנייטע, פאַרווייטע...

און טראָגן אין האַרצן פאַרבאָרגענע ווייען
פון זוימען, וואָס וואַרטן און וואַרטן אף זייען...

אין ווינטער־פאַרנאַכטן אף רוסישע פעלדער!
וואו קאָן מען זיין עלנדער, וואו קאָן מען זיין עלנדער?

ג.

אוועק דער שאבעס שוין...
אף ווייטע שנייען
אַ גרויסער עמיצער
שיט גראוון אש...
אין קליינעם קלייטעלע
שוין ווארטן צווייען:
א טונקל שיקסעלע,
אַ שווארצע פלאש.

די בייטש איז אויסגערוט,
דארט צווישן אויוון
איז זי מיט פינסטערנ׳יש
געדי׳כט פארשטעקט.
א נעפּל טישטוכל
האט דארטן אויבן
דאס לעצטע קוילעטשל
שוין שטיל פארדעקט...

דער טאטע האט אפגעריכט
די דריטע סודע,
און ווערט מיט טונקלקייט
מיט טיש פארוועבט,
און צווישן שוועסטערלאך
און שאטנס מידע,
אַ מורמל - פעדימל
זיך וועבט און וועבט...

די מאמע זוכט אין שויב
אַ ווייטן שטערן,
און ניט געפונען אים
און זיצט פארטראכט...
איך זינק אין אומעטקייט
און וויל ניט קלערן,
אז ס'וואַרט די קו אף מיר,
אף היי, אף נאכט...

---

א

טאג נאך טאג שוין ציט פון דאָרעם,
ס׳איז מיין שטיבל קליין און ארים,
ס׳קאן מיין טיר מיך ניט פארהאלטן...

טאג נאך טאג שוין ציט פון דארעם...
עמיץ דארט אין וועלטן-עקן
וויקלט איבער א יריע,
און אין אירע טיפע פאלדן
פלאנטער אין זיך פון באגינען
ביז פארפלאמטן ראנד פון שקיע...

ב.

די שנייען-טוכן ליגן ניט באַרירט
דאָרט אין באַהעלטעניש פון וואַלד פון טיפן —
נאָר וואו א וועג א העלער פירט,
איז יעדער צווייג מיט ווינט שוין דורכגעשליפן.

באַנאַכט אף פעלד נאָך שניצן זיך און מאָלן
די לעצטע אויסגעוועפטע פּרעסט.
אומזיסט!
דער היישעריק דער ווינטישער דערעסט
די פוילע שנייען אין די טאָלן.

און אונטער זון!
פון בערגלאַך ציט א בוימלדיקער רויך,
און שוואַרצער זאַפט פון ערד זיך זאַמלט אין די היילן...
און אונטער זון!
אַלץ גרינגער וואַרפט דער קאָפּ זיך אין דער הויך
אין שנור פאַרבראַכענעם די בושעלעס צו ציילן...

---

## שטראָמען.

געקומען איז א טאָג מיט פייערדיקן בליק
און אלעמען זיי אָפּגעלאָזט די לייצן,
און אָנגעזעט מיט זיסן גליק
פון וואקסן און פארפלייצן.
און אָן אן אופהאלט, אן א צוים,
ווי גרינג איז לויפן, יאָגן, פאַלן,
אף גריוועס טראָגן ווייסן שוים
און ברעכן הייסע שטראַלן,
און ענפער קריגן אף גערויש,
און אין טאבונען זיך באהעפטן,
און טראָגן ברידערלעכן רויש
מיט נייער פרייד, מיט נייע קרעפטן!...

---

*

די קריהע גייט —
און ברעגן נעמען ברייט
דעם וואסער-יאַך
אַף אַקסלען ווייך באַוואַקסענע,
און לאָזעס בוקן זיך
פאַר זונען-פרייד...

און לאָזעס איינע וועקן די פארהיילטע דראפּן
אין פרישן טייך באַנייען,
און איינע וועט עס אונטערשוויינקען,
מיט וואָרצלען זיי פאַרכאַפּן
און פירן אין די וואסער-לייגנען...

נאָר העל איז זונען-פרייד!
אַף טייך אַף פרייען קריהע גייט!
און שטיינגלאַך בוקן זיך:
מיר זייגען גרייט, מיר זיינען גרייט...

---

הּאַלבּ מאַי

**דער טאָג פאַרגייט...**

**אַ טאָג—אַ וועלט אַ גאַנצע—האָלט בא זינקען**
**און שטעלט די לעצטע טריט אף הימלס נידער-טרעפּ.**
**זיין פייער-קלייד**
**האָט מיינע אויג-מלוכעס שוין פאַרטרונקען**
**מיט זיין צעוואָרפענעם באַפייכטן שלעפּ.**
**און מיט געוואַלד**
**האָט ער מיט גאָלדנע קייטן צוגעצויגן**
**די גאַנצע ווייט אַרום צו זיין פאַרגאַנג:**
**דעם בלויען וואַלד,**
**דאָס גאַנצע ווּעזן מיינס דורך מיינע אויגן,**
**און אף די יונגע פעלדער יעדער וויקל-זאַנג.**

---

אין וואלד.

ס'איז האלבער טאג. ס'אי מיד דאס אויג פון שיין.
דער מויאך—אנגעזעט מיט פינקלען.
דורך הויכע ביילן כ'גיי אריין אין שטילע ווינקלען,
אף שאטן כ'לייג זיך צו, מיט שאטן כ'דעק זיך איין.

און ווער פארקליינט, פארדינט. בא מורעשקעס אין הויפן
פון הויכן טורעם קלינגט א גלאק!
מיליאנען פיס דארט האלטן אין איין לויפן
פון טיר צו טיר, פון שטאק אף שטאק.

אט איילט דא איינע נעבן מיר. מיט גרויסער האנט
האק איבער איר דעם וועג און קוק אן לאכן,
ווי בעריעש ווארפט זי זיך, ווי אף א גלייכן,
און ס'ברענט אין הארץ בא איר א פייער-בראנד.

אט בין איך ווידער גרויס, כ'שטיי אוף און גלייך זיך אויס,
ווי הויך די זון איז, כ'גיב א קוק דורך הויכע פענסטער—
איצט צווישן בוימער-ברידער בין איך שוין דער קלענסטער,
און טראג ארויס מיין יונגע פרייד פון זייער הויז...

———

*

עס זיינען פארפולט שוין די פעלדער מיט שיין
און גייען שוין איבער.
און וואלדישע ברעגן ניט האלטן שוין איין —
און זון גייט אריבער.

און ס׳הערן זיך וועלדער פון בערגל ביז טאל
און ס׳בלייכן זיך מאָכן.
און ס׳זיינען שוין זוניקע פלעקן אן צאל
אהין אויך פארקראכן...

---

שניט.

גיי איך ארום מיט פארהייטלטע בליקן
אין כוואליעס פון היץ,
אין זאנגישע גאלדן זיך טוקן
פלעקן פון ציץ...

ס'וויל קיינער ניט שטויבן אף דרימל פון וועגן...
ס'וויל קיינער ניט פרעגן,
וואס בויטע איך כוואליעס פון היץ?
וואס זוך איך מיט הייטלאך אף בליקן?...
אין זאנגישע גאלדן זיך טוקן
פלעקן פון ציץ...

---

אשר שווארצמאנען

אין וועג.

ס׳איז העל דער טאג. ס׳איז שטיל די הויל
פון פעלדער ברייטע!
אף ווינטן ווארט א גראזן-קנויל
מיט זוימען ניט צעזייטע...

אין טאלן דארט שוין גרייט דער הארבסט
דעם פייכטן זשאווער...
אין קלארער רו זיי היינט, מיין הארץ,
דעם העלן טאג א כאווער!...

---

לעצטע טעג.

אויב ניט דער לעצטער איז ער שוין דער טאג דער בלאסער,
ער ראמט ווי אויס די מינדסטע שפור פון שיין —
א ווינט קומט אן און קנייטשט דאס שטאָל פון וואסער
און יאגט געשווינד אין העלן וואלד אריין.

פארלאזן שטייען לאנג די הויכע טיר און טויער —
א שאָרך פון בלעטער אים באווייזט דעם וועג,
ער זעט, ס׳איז אלץ שוין גרייט צום טיפן טרויער,
צו גרויער רעגן-נעץ פון כעשוון-טעג...

נאר אט א לאָנקעלע — דעם אטעם האלט ער איין —
ווי קליינע קינדערלאך ארום א פולער מולטער,
דארט שטייען רויטע דעמבעלאַך אין העלער שיין...
דער ווינט, ער קוקט און ווערט אלץ מילדער, מילדער.

און פאר פארגיין שוין בלייבט די זון א ביסל שטיין.
מיט לאנקעלאך אין וואלד האט-זי זיך ניט געזעגנט.
ס׳איז נאך א טאָג געשיינקט פאר אונזער געגנט,
ס׳האט נאך א שטילער טאג געלאזט זיין העל געביין!...

---



די נאסע נעץ פון טריבער כעשוועך-צייט
האט נאך גאנצפרי א העלע שאָ געפאנגען
און פאר א פליגעלע א ווייס אין מיזראך-זייט
זי אופגעהאנגען...

און ס'האט מיין הארץ געזען ביז טיפער נאכט,
ווי העלע פעדערלאך האבן הויך געפלאטערט,
ווי וויעס העלע האבן זיך שטילערהייד פארמאכט,
פארשמאכט, פארמאטערט...

---

ד. בערגעלסאנען

האַרבסט.

אין לאַנגן דויערן פון נאכט פון טריבער
איין טאג דעם צווייטן
אין גראָווע פאָלעס ברייטע
דעם קאלטן טוי גיט איבער.

און אַלטער טויער לאזט ארויס
אַ הייפל שטילע רינדער
אף בעטלערישן זוכן
אין ארימען ארום.

עס שפרינגט זיך דורך
פון הויז צו הויז
אַ בארוויס בינטל קינדער,
און קאלטע קאליזשעס זיך קוקן אום,
ווי פיסלאך טונקעלע זיי מיידן אויס.

א ווינט כאַפּט אויס
פון מויל
אַ פריילעך קאָל,
א בייזן הוסט—

און ווידער שטום,
און ווידער הויל,
און ווידער פוסט.

אף טונקלען נאַקעט פון די פעלדער —
דאָרט, ווי אַמאָל, איצט ווינטן רייטן,
דאָרט, ווי אמאל, איצט וואָגלען ראָבן,
דאָרט אין מיטן ליגט א גראָבן —
אַ העפקער־שוועל אין העפקער־ווייטן...

---

*

אַ גאנצן טאג
אין רשוס פון וועגן זיין,
אַ גאנצן טאג
נאר ווינט אנקעגן האבן,
און צווישן וועג און אָנוועג נאר א שמאלן גראבן,
נאר וויעס יונגע צווישן אויג און זונען-שיין—
וואָס קאן אף ערד
נאך שענער זיין?

---

*

איך גלויב, —
א ריגל דארט א גרינגער
פון מיט פון הויכער טיר
שוין ווארט אף ערשטן ריר
פון מיינע מידע פינגער.

פון שטילע ווינקלען פיר
דארט ווארט שוין איינער
אף מיין פארברענטן וואנדער-שטעקן,
א קרוג מיט וואסער פול מיט ריינער
שוין ווארט אף שטויב,
וואס ליגט אף מיר, —
אף שטויב פון ווייטע שטעגן...

---

*

אין בלוי פון מיינע טונקעלע פארטאגן,
וואו כ׳וואנדער לאנג,
די ערשטע מיזראך-צייכנס האבן דורכגעשלאגן
א העל געזאנג:
— עס הויבט אן טאגן!

און ווען מיין הארץ מיין מידס האט קאם געטראגן
פון אָנוועגן דעם אָל,
האט עס דערהערט בא ראָזער שיין פון טאגן
א לויטער קאל:
— דו וועסט דערטראגן!...

---------



בא וועגן בא ווייטע,
וואו רעדער וואו בלינדע
פאר ווינטן פארשייטע
אַלץ מאָלן און מאָלן די היימלאָזע שטויבן —
דארט האב איך אף פעלדער פון העפקער מיין זייאונג געקלויבן.

איך האב אף מיין אקסל אַ מאסע גענומען
פון זוימען, באפייכטע מיט הארבסט-טויען קאלטע,
מיט זיידנס יערושע, מיט שטעקן מיט אלטן,
מיט אלטן פארשטויבטן, פארשרומפענעם לאָגל
געלאזט זיך אף וועגן, אף וואנדער, אף וואָגל...

צום הימל צום הויכן
פון היימען פון פרעמדע געגאן זיינען רויכן...

בײַ נידריקע פּלײטן
געװאָרט האָבן פרישע צעאַקערטע בײטן...
מיט עלנט-געבעט און מיט פּאַכעד-געהײמען
געזײַט האָב איך זוימען בײַ װילד-פרעמדע הײמען.

אױף ערדן אױף װײכע איצט שטײ איך ביז קנעכל
אױף אײגענע בײטן, אין לײדן פאַרזײטע...

כ'באַשװער אײַך הײנט, פױגלען, אײַך, װינטן, אײַך, האַגלען!
מײַן זײַאונג נישט קלײַבן, מײַן זײַאונג נישט שלאָגן!
איך האָב מיר מײַן זײַאונג אױף אַקסל דערטראָגן
פון װעגן פון װײַטע, פון װאַנדער, פון װאָגל...

---

*

איך גלויב, ס'איז מיר באַשערט
אַף מיין ירושע-ערד
דעם אש פון אלע סרייפעס אויסצוראַמען
און אַט די ערד אָפּסנייַ פאַרצאַמען.
איך ווייס קיין וואָג, איך ווייס קיין צאָל,
איך האָב קיין מאָס-שנור ניט געצויגן,
נאָר זיילן בלאַנקען שוין אין לופט-קרישטאָל
און פירן מיינע אויגן,
און שיין פון ווענט פון שלאַנקע, ווי יריעס,
מיט מוטערפּערל שפּילט אַף מיינע וויעס!
און ס'איז אין האַרץ פאַר יעדן שטראַל
שוין גרייט
א נעסט פון פרייד...

---



...אַ דאַנק אייך, וואנדער-וועגן ברייטע!
פאר מידע גלידער, וואנדער-שטויב,
פאר נעכט בא פייערן, פאַר טעג צעזייטע,
פאַר אַלע צייכנס פון מיין גאַנג —
אייך אַלע מיין געזאנג!

---



איך בין, מיין וועלט, אַפסניי צו דיר געקומען!
איך האב מיך קאָם מיט ברעג פון נאכט געזעגנט,
האט שוין מיין אויג מיט העלער שיין באַרעגנט
דעם ברייטן גלאַנץ פון דיינע הויכע זיילן!..
איך בין, מיין וועלט, אפסניי געקומען
אַ טאג אַ ליכטיקן בא דיר פארוויילן.

אפסניי האב איך היינט אנגעקלונגען
אין גרויסן גלאָק באַם דורכזיכטיקן טויער,
מיט נייער פרייד האט נאָכגעזונגען
דעם לויטער-קלאַנג מיין ציטעריקער אויער...
פון איינגער שטייג פון שטייפע ריפּן
מיין הארץ זיך רייסט מיט מונטערדיקן קלאפּן,
מיט דארשט זיך ציען מיינע ליפּן
נאך יעדן לופטיקן פרימאָרגעדיקן טראפּן,
עס קלינגט מיין צונג, עס שאלט מיין גומען:
איך בין, מיין וועלט, אפסניי צו דיר געקומען!

---

*

די זון האט היינט צום נייעם פאַנצער מיינעם
די לעצטע גאָלדנע ליסקע צוגעלייט
און מיר פארמישט פון קישעף-ווייַנען
א בעכער פרייד.

און אונטער גרינגער לאסט פון גאָלדנע רינגען
האב איך געקנים צו צארטער האנט,
און האב מיט הייסן דאָרשט געשלונגען
פון קילן ראנד...

דאס וויפילטע שוין מאל? איך וויל ניט ציילן —
איך בין היינט אנגעגורט מיט זונענשיין,
איך גיי אן מוירע היינט אין אלע שווארצע היילן
פון וועלט און זיין...

---

*

אַ רוישנדיקע גאַס אַרויף אַ באַרג,
פון מענטשן, פערד און רעדער אַ געווימל,
אַ הויכע שטיק סאָף-זומערדיקן הימל —
וואָס דאַרפסטו נאָך, וואָס איז דיר קאַרג?

דעם רוישנדיקן טאָג, וואָס יאָגט פאַרביַי,
האָסטו בעיאַד נאָך ווי אַ קינד צו קוקן
אין פּאָנים גלייך, אין שוועבנדיקן רוקן,
הויב אויף דעם קאָפּ, ביסט איינזאַם-פריי!

און אַנדער לעפל לופט פון הימלשן געצעלט!
אַ צווייג און אַנדערע פּאָר נעסט פאַר דייַנעם!
צי איז דאָס ווערט זאָלסט וועגן דעם גאָר טייַנען
מיט גאָרער טרויעריקער וועלט?

פאַרוואָס, זאָג, אויף דער וועלט דאָ גיסטו אָפּ
דעם מינדסטן ריר פון האַרץ פון בלינד-פאַרשייטן?
איין איינציק הערעלע פון ווילדן שייטל
פון דייַן אַנפלעקטן שטאָלצן קאָפּ?...



פון בערג גייט אַ שטורעם.
דאָרט פאָכעט מיט פייער
אַ מעכטיקער אָרעם
אף קנויליקע הויכן,
און טרייבט אין די היילן
דעם כוישעך פון וועלט!

אויב דו ביסט אין שטילקייט,
איז שטילקייט מיר טייער...
נאָר ס'ציט מיך אויך שטורעם,
און פייער און רויכן,
און איינגקייט פון היילן,
און כוישעך פון וועלט!...

---

*

איך שטייג שוין דאָ צוויי טעג —
איך העלף שוין קאָם דעם וועג
זיך דראַפּען אין דער הויך.

פון אונטער יעדן שטיין
מיר ווינקט מיט קילן כיין
א שטיקל אינדערפרי —

נאָר ס׳שטייט די זון שוין הויך,
און יעדער שפאן איז מי׳...

און יעדער שפאן ווארפט אפ
דעם שווינדיקן «אראפּ»
אף נאך א פולן גליד,

און יעדער שפּאַן וועקט אוף
דעם שטייגנדן «ארוף»
מיט יונגער, גרינגער קני —

און ס'זינגט מיין יעדער גליד,
און זיס איז מיר מיין מי...

איך וועל אין שטילן טאל
דערציילן נאָך אמאל,
דערציילן אין דער הויך,

אז כ'האב צוויי יונגע טעג
געהאלפן דא א וועג
זיך דראפּען אַין דער הויך...

---

÷

אין הימל־רוים
צעגייט און ווערט שוין בלאַס
דער לעצטער זוים,
דער גליענדיקער פּאַס...

אַ בינטל ווינטעלאַך
פון איבּער באַרג
זיך גאַנוועט שטיל
אין ברייטן טאָל...
נאָר בוימער איז דאָ קאַרג
פאַר אַלע מיט אַ מאָל—
און ס׳ווערט אַ לאָדעניש,
און ס׳ווערט אַ שפּיל
פאַר יעדער צווייג,
פאַר יעדער בלאַט,—
און איך, איך מיש זיך ניט—איך שווייג
אין טומלדיקער רו...
איך הער זיך צו...

---

איך האָב געפרעגט דעם וועג אויף פרעמדער שפּראַך,
און איילבירט-אויגן האָבן זיך פאַרוואונדערט:
זי האָט פון אירקיע מיך גאַרניט אָפּגעזונדערט —
כ'בין ברוין און שטייף, שוואַרצאויגיק איר צוגלייך...

און איילבירט-אויגן מיך באַגלייטן
פון שטילער טיר פון אָפּגעקאַלכטן הויז...
אויף טונקלען טאָל מיט קנייטשן ברייטע
דורך שמאָלן געסל פירט די שטאָט אַרויס.

פון אונטן — אַלאַגיאַז*) אין בלויע שנייען!
און דעכער הייזעלאַך ווי אָפּגעברענט,
מיט קיזיקעס באַקלעפּט די גרויע ווענט
און שאַכטלאַך קיזיקעס בא פּלויטן שטייען!

עס זינגט מיין האַרץ פון הייסער פרייד!
איר זייט מיר נאָענט, איילבירט-אויגן, בערג און שנייען,
איר, צעלטן קנעכטישע, איר שטומע ווייען
פון אַלטער אָרימקייט און דוירעס-לייד.

---

*) אַלאַגיאַז — אַ באַרג אין אַרמעניע.

Мы ночевали
на казачьих постах.

*Пушкин.*

*

און ס׳איז מײן פײן פאר מיר דערמיט בארעכטיקט,
און ס׳איז דערפאר מײן בײנקשאפט אָפּט מיר זיס:
עס האט זײן קאפ דא אף דעם בארג גענעכטיקט,
עס האבן אט דעם װעג באטראטן זײנע פיס...

פון צארטער יוגנט דארט אף פעלדער־בײטן
שװעבט שטענדיק איבער מיר זײן פרײער גײסט,
זײן רו זײן ליכטיקע מײן קאפ באקרײזט
אין טריבער שאָ פון צאר און קנעכטן-לײדן...

דא צװישן גלאנץ פון בערג און שרעק פון הײלן
מײן גײסט באהערשט זײן װילדע הײסע פרײד—
איך קום, װי ער, פון ברײטער װײט, פון װײטער ברײט,
א קנעכט —א האר, און װיל זײן פרײד דא טײלן...

---

Пьют уже донские кони
Арпачайскую струю.

*Пушкин.*

ארפאטשאי.

כ'פאַרשטיי דיין יונגע פרייד,
נאָר נאָענטער איז מיר
אין אָוונטיקער שיין
באם צאַנק פון הויכן שניי
א הויפל גראָווע ברידער דיינע
פון וואָלגע,
דאָן,
פון מיין אוקראַינע...

איך שטיי
מיט זיי אינאיינעם
אין אָוונטן
אין זייער גרוי געבעט
פאַר טירן אָפענע
פאַר לאגער-צעלטן...

די שטערנדיקע וועלט
פון הויכן הימל
באַשיט
מיט גליענדיקע בליקן
די גרויע זינגענדיקע איידע.

פון אַלטן רעמל
קוקט אַף אונז
מיין בלאַסער ברודער
פון גרינעם גאָליל.

און ס׳טרייבט מיין שטים
אין בייגקעניש
צעגיסן זיך
אין הויכער פראַכט
פון פרעמדער נאכט.

אלעקסאנדראפאל—1912

---



אַ פּירעק שאָטן ליגט פון טונקלער וואַנט.
אַ בלינדער אָרימאַן באַזיצט דאָס שוואַרצע רעמל.
ער זינגט. פון אייביק אָן איז אויסגעשטרעקט זיין האנט,
און קיינער טרעט דאָ ניט, און ס׳הערן איך און הויכער הימל.

אַרמעניע! דאָרט אין וואָלין, אין שטיל פון קליינעם צימער
פון צאַרטער שאגיניאַן האָב איך געהערט דיין ליד.
איך הער זי אין דיין היים, און העלער קימער
אין יונגן הארצן מיינעם גליט.

עס קלינגט דיין ליד אין מיר מיין ביינקשאַפט קוועלט,
מיין ביינקשאַפט איז פון איר נאָך עלטער.
איך בין אַ גער אַף דיינע שמאָלע פעלדער,
אַ טוישעוו אין דער גאָרער וועלט.

---

## פאַרטאג.

איך שטיי בא מיין פענסטער אין טאוול פון ווענט,
צו פלאמען אין מיזראַך מיין פאנים געווענדט...

אין סרייפעס פון אפשייד אף הימלישע רוימען—
דארט ווערן געבוירן קאיאריקע טרוימען...

אף פלאַקער-יסוידעס דארט הויערן בלויען.
איך וועל זיי מיין בייבקען אָן פרעגן פאַרטרויען.

צו רויזן אף בלוטן, צו העלישע וואונדער
איז הארץ מיינס אין וויגל שוין וואַך און שוין מונטער..

איך שטיי בא מיין פענסטער אין טאוול פון ווענט,
צו פלאמען אין מיזראַך מיין פאנים געווענדט.

און שוואלבן אלץ שרייבן מיט שווינדיקן פלי,
און קייטלען די וועגן אין ליכטיקער מי.

און רעדער און טלאָען מיט שטיינער פון בריק
זיך פריינדן אף נייעם, אף הילכיקן גליק...

איך שטיי בא מיין פענסטער אין טאוול פון ווענט.
צו פלאמען אין מיזראַך מיין פאנים געווענדט...

---

*

אָ, צייט, אָ, צאל, אָ, רוים,
איך שפאן ארום מיט יונגע טריט
אף שוועבענדיקן ברעגן-זוים
פון אייער גרויסער מיט!...
נאך מיר אף פייכטן זאמד
מיין שאטן שפאנט,
מיט גרינגע פינגער האַלט איך קאַם
מיין וועגסקע אין דער האנט,
כ'פארווארף זי אין די טיפן
פון אייער גרויס,
און טראפנס אייביקייט מיר טריפן
אין לייכטנדיקער אויגן-שארף
פון אלץ, וואס כ'צי ארויס...

---

*

שטרעק איך אויסעט מיינע אָרעמס,
מיינע דאָרשטיקע זיך ציענדיקע גלידער—
מיזראך, מאַרעוו, צאפן, דאָרעם,
הויך און נידער,
שווינדלענדיקע ווינקלען
פון מיין ברייטן הויז!
לאָזט מיך זען, ווי וועלטן רינגלען
אייער גרויס!
שפּרייט איך ברייטער
פליגל-גלידער...
רעכטן, לינקן,
הויך און נידער,
אלעמען מיין נויג!
צונעשמידט צום ערדן-רינגל,
שיק איך אויס אין יעדן ווינקל
שפּיזן פון מיין אויג!

———

*

ס׳האָט מיין מאמע
נאָך אין אָנהויב פון מיין וועזן
דאָרט אף הויכן בלויען סאַמעט
מיר באַוויזן
אָט דאָס טעלערל פון הימל.
כ׳האָב אַהינצו זיך געצויגן
פון די צארטע ארעמס-רינגען,
כ׳האָב אהין שוין דאן פארוואָרפן
ערשטע פונקען
פונם דאָרשט פון מיינע אויגן...

העלינק טעלערל פון הימל!
כ׳בין היינט ווידער קינדעריש ארים,
כ׳בין היינט ווידער קינדעריש רייך,
כ׳שטרעק היינט אויס מיין בלאסן ארעם
אין דיין הויכן קעניגרייך.
כ׳וויל דעם בלוי דאָרט היינט צעבויטען...
ועט אַ באָס-קאָל זיך דאָרט הוידען
אין א שטערן-נעץ אַ גרינגער,
וועט מיך וואָרנען, וועט מיר ווינקען
מיט אַ שטערנדיקן פינגער—
וועט געננוג מיר זיין אף היינט...

אן עפל.

דו, רייגער לאָגל פול מיט ווײן, מיט שנייאיק האַרטן,
ווי דורכזיכטיק, ווי דופטיק איז דיין דינינק הייטל,
ווי מילד פאַרזיגלט ביסט מיט שטעמפעלאַך מיט צאַרטע
פון ביידע זייטן!

וואָס זאָל איך טאָן? די ציין, דער גומען וואַרטן.
ווי זאָלן זיך די אויגן שוין צעשיידן
מיט אַזאַ גרויס א העלן אַ געגאַרטן
פון פרילינגס-פריידן?

אַ ווייטער גרוס פון ווייסע בליטן,
פון ערדן-רויך מיט זונען-שטראַלן.
נאָר אָט די ציין—זיי וואַרטן, היטן...
אַ ביס—פאַרפאַלן...

---

גאליבטע!
די וועלט האָט איצט אין אונז פארגעסן,
ווי פריער מיר אין איר...
מע האָט אונז ניט געפרעגט
און דארטן נאָכט געמאכט
אף גלוסטיק רוישנדיקער גאַס...
די אָוונטיקע טיר
איז שטיל און בלאס,
נאר טויב און שטום פארשלאסן...
אף עליש-רויטן שטאף
פון אונזער אלטער סאָפע
האט זיך שוין נאכטן-טינט צעגאסן...
מיין ליבע! לייג די האַנט מיר אפן קאָפּ,
אַזוי...
אנקעגן יעדן ריר פון דיינע פינגער
אף אש פון הארצן-בראנד
זיך שליינגלט דורך
א שטיל פארביינקטער צאנק...
א דאנק דיר, פרוי,
א דאנק דיר, ווייב,
פאר יעדן טראפּן טוי,
פאר יעדן ציטער פון דיין שטענדיק דארשטיק לייב!...

---

*

ווי טרויעריק זיס איז מענטש צו זיין!

זיין אלט נאר פינף כאדאשים,
אין ווייכן קעפל
פארמאגן
א פיצעלע באוואוסטזיין-נעפל,
אף האלז —
א בייגעלע א ביינערנס,
אף לייב —
א העמדעלע
מיט בענדעלאך מיט פיינע,
א מיילעכל
א פולס מיט שטומער זויגן-טיינע...
און אלע מאל
אין איין געפיל זיך טרינקען,
ביז שפיץ פארריסן נעזל אין אים זינקען
און האבן איין געדאנק, א לויטערן, א ריינעם —
איצט מויל און ברוסט שוין דארפן זיין איניינעם.
אף אלע אייווורימלאך אלץ נעענטער זיך רוקן,
מיט ליפן קלאמערלאך פארכאפן, דריקן
און זויגן, זויגן
מיט ליפן, הענט און פיס, און מיט פארמאכטע אויגן...

**ווי טרויעריק זיס איז מענטש צו זיין!**

אין טיף פון נאכט פון שפעטער
אין קליינעם קערפערל דערפילן א געוויטער,
און אָן א קינדער=שיר, אָן אופהער שרייען,
און נייע קראפט און נייע קויכעס ערגעץ לייען,
געפילדערן מיט העלזל, פיסלאך, הענטלאך
און צאפלען, דראפלען זיך אף טאטע-מאמעס ווענטלאך.
ווי פלוצים אנגעהויבן, אזוי פֿארשוויגן ווערן,
מיט נאסע וויעס עפנען טרוקנע אויגן
און קוקן, קוקן ווי דער שווארצער פענסטער ווערט פארצויגן
מיט הימל סאמעט-בלויען, מיט פיצלאך נעץ פון שטערן...

ווי טרויעריק זיס איז מענטש צו זיין!

אפן הויך דערהויבענעם פראָנטאָן
פון שיין געבויטן שארבן
פארמאגן טיפע צייכנס, צייטן־קארבן,
א שייטל האר פארדינטע, שיטערע מיט זילבער־שטריכן,
אַ אויג, וואס שלינגט דעם רוים אין לויף אין גיכן,
א הארץ, אין יעדער רעגע גרייט פון פרייד און לייד צו שטארבן,
און איינמאָל פלוצלונג, אין טיף פון נאכט פון שפעטער,
דערפילן א פארבאָרגענעם נשאָמע־ציטער,
און אָן א ריר נאך זיין שוין וואך,
מיט יעדן אַטאָם שפירן,
ווי פליגל פון דער אייביקייט זיך רירן,
און וויסן אזוי ביטער ווינציק,
נאָר וויסן, אז, אַ שטייגער,
איצט אָדער צוויי און עפשער דריי שוין ווייזט דער זייגער...
און ליגן שטיל אין גלי, אין פיין אין זיסן,
מיט יעדן פאדעם פון דעם האַרץ געוואַלטיק נאָגן,
אז יעדער ברודער מענטש זאל פון דעם ווייַ דערוויסן,
אז יעדער ברודער מענטש זאל אט די פרייד פארמאגן:

ווי טרויעריק זיס איז מענש צו זיין!..

———

וויג-ליד.

איך וויג דיין וויגעלע
און זינג אין אויערל,
ס'האט דארט א ריגעלע
פארמאכט א טויערל.

פאַראן דארט גלעזעלעך
אין קליינעם מויאכל,
פון יעדן בלעזעלע
דארט בלייבט א הויכל.

פון טויען הערעלאך,
פון טויען שטויבעלאך

דארט ווערן פערעלאך
אף ריינע שויבעלאך.

און יעדער פערעלע
וועט זיין א שפיגעלע,
אין יעדן פערעלע
וועט שטיין א ציגעלע.

א קלאר ווייס ציגעלע,
א, א, ליו-ליו-ליו...
וויג, וויג זיך וויגעלע,
א, א, ליו-ליו-ליו...

---

## נעמען.

ווי קליינע ווערפּעלאַך זיך שפּילן מיינע קינדער,
ווי קליינע ווערפּעלאַך נאָך ביידע:
דער עלטסטער שאמאי הייסט—
אַזוי געהייסן האָט מיין זיידע,
אין טויבן שטעטעלע אַ זאָקן האַלב אַ בלינדער,
און הילעל הייסט דער צווייטער...
אַן אַנדער נאָמען האָט געוואַרט
אויף שטאַפּל נאָענטן פון שאָטנדיקן לייטער,
נאָר איך פון מיט פון וועלט פון ברייטער,
פון זודיקן געווימל,
האָב פּלוצים דאָרט דערזען,
ווי ס׳שוועבט דער הויך פון צאַרטע יאָרן מיינע

דאָרט איבּער אלטן נעסטן-שימל —
און שאַמאַי איינער הייסט,
און הילעל הייסט דער צווייטער...

ווי קליינע וועלפּעלאַך זיך שפּילן מיינע קינדער,
ווי קליינע וועלפּעלאַך נאָך ביידע,
און דראַפּען איינס דאָס צווייטע
פון בייזן קוק מיט פייערלאַך מיט ווילדע.
און איך, איך קוק מיט בליקן איינגעשטילטע
פון האַרץ פון בלינדן,
ווי אַלטע נעמען קייקלען זיך,
ווי קליינע וועלפּעלאַך, ווי קנוילן יונגע גליקן...

———

# רו.

אַ שטילער עמיצער האט איינגערוימט מיר היינט:
האסט נעכטן, גלויב זשע מיר, באצאלט דיין אלטן וואָכער —
און רו און קלארקייט זיינען דיינע פריינט
אף גאנצן טאג.

פון טיפסטער טיף האב איך געענפערט אים — איך גלויב!
און פון מיין פאנים באלד האט ער מיט ווייכן פאָכער
מיט פרישן וויש אַראפגעשארט דעם שטויב
פון לעצטן טאג.

ער האט די צוויקעלאך צעגלעט ארום מיין אויג,
א קוק געטאָן ביז גרונט פון פינסטערן שווארצאַפּל
און מיט א מילדן בענטשנדיקן נויג
פארלאָזט מיין טיר.

און איבער רוישן-רויך פון טומלדיקער שטאט
האב איך דערזען די רו אף יעדן זונען-שטאפל, —
און איך אליין — א צאַנק פון רו גענאד
אין ווינקלען פיר...

## אין צימער.

אַ ווייכער ביין-האַשמאָשעסדיקער היבל
אין שטילקייט שוועבט איבער'ן צימער
און נעמט אַראָפּ די קאַנטן בײַ דעם מעבל,
און לאָזט נאָר איבער פּאַסיקלאַך פון שימער.

ס'איז טונקל-שיין. איך הער ניט אוף צו דיינקען,
אַז ס'וועט צערינען אַט דער נעפּל,
אַז ס'וועט אף הימל דאָרט נאָך הייגגען
דער פּייערדיקער זונען-עפּל...

---

*

דו, קלייניגק שפּענדעלע, דו איינס,
דו קום מיט מיר, איך דאַרף אַזוינס,
דו ביסט מיר האַרציק טייער!

איך דאַרף קיין סאַך, איך דאַרף נאָר איינס —
אַ קלייניגק שפּענדעלע אַ ריינס
צו בלאָזן פייער!..

---

א.

שטאָט!
דו האָסט מיך פון ווייטן גערופן
מיט הודען פון דראָט!
כ׳האָב שטענדיק אף בארג דיך געזען!
דו האָסט מיך פון ווייטן געצויגן
מיט צוואנגען
פון שיין און פון שימער —
דו האָסט מיך פארנארט
און דו האָסט מיך געפאנגען!
די רו פון מיין דאָרפישן צימער
האָסטו מיר צעעקבערט
מיט פייפן פון צוגן,
צעשפאלטן, צעשפליטערט
מיט צימער פון רעלסן...
אין הויכן איז שטענדיק געהאנגען,
איז שטענדיק געגאנגען
דער אומרו פון דיינע פארצויבערטע קלאנגען —

שטאָט!
דו האסט מיך געפאנגען!

פאר מײנע פארבֿלענדעטע אויגן
אף פעלדער ־ אף װעלדער-בֿאראָט
איצט ליגט דײן אַלמעכטיקער שטײנערנער קערפער
מיט רערן פארװאָרצלט אין טיף פון דער ערד,
צעשלײדערט די אָרעמס,
געהויפנט, געגאָרנט,
צעקעסטלט, צעצימערט,
אין גרונטן פצרשװארצט און אין הויכן בֿאשימערט,
מיט קוימענס פארשפיצט און מיט שארפן פארטורעמט,
פארקניפט און פארגארטלט מיט רעלסישע שלאנגן,
בֿאפלאָכטן, בֿאהאנגען
מיט שפינװעבס פון דראָט —

שטאָט!
דו האָסט מיך געפאנגען!

ב.

שטאט!
אף שיף פון מיין עלנט
בין איך אין דיין האפן געקומען!
די שיף פון מיין עלנט!...
איך האב אירע זעגלען געשווינקען
אין ווינטן אין אלע
פון ערדישע ברייטן און לייגנגען,
עס האבן די זעגלען
צעפיצלט, צעריסן
פיל אנפליען ווילדע
פון וויסטע סאמומען.

שטאט!
אף שיף פון מיין עלנט בין איך אין דיין האפן געקומען!

אין האפן אין דיינעם
באַ אייזערנע רינגען
האָב איך זי פאַרבונדן,
די שיף פון מיין עלנט!
אַף ברעג,
אין אנצאליקע שיינקען,
האָב איך דאַ געטרונקען,
ביז שיקער געטרונקען
פון וויינען פון וועלטן.
אַף דיינע פארצאמטע געפלאסטערטע וועגן
האָב איך זיך דערלערנט מיין וועג ניט באַשריינקען,
אומענדלעך צו גייען,
ארום און ארום זיך אלץ יאָגן און דרייען
און פילן—עס יאָגט זיך א פינפטער, א צענטער,
און יעדער ארומלויפט, און יעדער — א צענטר.

שטאָט!

אף דיינע פארצאמטע געפלאסטערטע וועגן
האָב איך זיך דערלערנט דערוועגן
און וועקן,
און אונטער די וועלטישע קוואלן
מיט אלע, מיט אלע
די קרוגן צו שטעלן...
מיין אָטעם מיין שטילן
צונויפגעהויכט האָב איך מיט אָטעמס פון מיינגען,
דעם גלי פון מיין ווילן
צונויפגעפלאמט האָב איך מיט פלאקערס פון ערדן,
מיין שארף גלאנצט זיך איבער
אין בלאנקען פון שווערדן,
אין קלאנגען פון לענדערשע גלעקער
זיך קלינגען שוין איבער
די שטיקער
פון קופער פון מיינעם,
פון קופער פון רויטן, פון אלטן.

שטאָט!
די שיף פון מיין עלנט
האסטו אין דיין האפן באהאלטן...

---

א י ן  ג א ס.

איך שפּרייז מיר דורך מיין יונגן הײנט פון גאס אף גאַס,
פון ווינקלען שאָטנדיקע שמעקט מיר מיט פרימאָרגן,
נאָר ס׳ווימלען שוין ארום די שנאָרנדיקע זאָרגן
און קייקלען קנוילעכלאַך פון הייסן האַס...
ס׳גליט די זון, און ווייך איז איבער קאָפּ דער הימל,
און כ׳שפּרייז מיר פריי און שטיל פון גאַס אף גאַס...
די זון איניינעם מיט די שטייפע דראטן
אַ וועג באווייזט מיר אף אַספאַלט מיט פעטע שאָטנס...
איך גיי אים נאך, דעם וועג, איך בין אים טריי, ווי אַלע וועגן, —
נאר קומט מיר אָן א ברודער-מענטש מיט איילעניש אַנקעגן,
ווי קאָן איך דען קיין שטיקל וועג אים ניט פארגינען?
איך שפּאר זיך שטיל אראפּ פון מיינע שאָטנדיקע רעלסן—
מיין וועג מיין זוניקן וועל איך ניט פעלשן,
מיין וועג מיין זוניקן וועל איך געפינען...

---

*

באַטאָג, ווען עס האלט נאָך די זון איר אלמעכטיקע שליטע
אף שטויביקע גאַסן
און ס'לאזן זיך קנעטן אַספאַלטן נאך מידע
דורך ווייבערשע העלע אפצאסן,
דאן ווייזט זיך אמאל מיר נאך אויס'עט,
אז ס'איז דאָ פאר מיר עפעס וויכטיק.
עס דאַכט זיך אַמאל מיר, אַז עפעס אַ ליכטיקס,
פארברוינט נאָר פון זון און פון זאַפטיקן רעגן
וועט פלוצים מיר קומען אַנקעגן...
מיט איינעם
אַ ריר נאר אַ ריינעם
אָט ווער איך באַפרייט
פון מיין לאסטיקן קומער.

מיין מאַנטל,
צעשליסן פון זומער,
מיט שטויב דורכגעשפּינען,
אָט גליטשט זיך ער שלאַנגיש אַראָפּעט,
און איך ווער אנטרינען...
נאר הויבט אן די זון זיך צו בויגן,
און עמיץ פארנעמט און פאַרטרייבט מיינע בלאנזענדע אויגן
אהין, וואו מיט בלוטיקן, רויטן
זיך גיסן שוין אָנ׳עט די קארבן פון דעכער
פון שטאָט מיט געראָיש מיט שוין טויטן,
פון מיר בלייבט דאן מער ניט קיין זייכער —
מיט קומער מיט אלטן,
פארהילט אין מיין שטויביקן מאנטל,
דאַן וואנדל איך דארט איבער טליענדע רוימען —
זיי זיינען איצט דארט, מיינע ווייטע פארשלאסענע היימען...

*

אַוועק דער טאָג. פֿאַרגאַנגען שוין די לעצטע בייטש פֿון נויט,
אַראָפּגעוואָרפֿן שוין דעם שווערן שפּאַן פֿון זאָרגן.
ס'איז דאָ אַ דאַך, אַ טיש, פּאַפּיר און ברויט,
און פֿריי, אָ, פֿריי בין איך אַ גאַנצן מאָרגן!

איך באָד זיך שטיל אין מיטן גאַס אין כוואַליעס רו...
פֿון נאַכט אַ ווינט געוועזן און האָט דאָרט אויבן
אַ שאַרע וואָלקנדלאַך צונויפֿגעקליבן.
זיי זײַנען איצט באַרוט, נאָר הערן זיך נאָך צו.

ס'איז האַרבסט. ס'איז שטענדיק וואָך די רוט פֿון ווינט.
ווי פֿריי איז איצט אָף פֿעלדער ברייטע,
וואו ס'לאָקן וועגן ווייטע אומעטום פֿאַרגרייטע—
ווי גוט איז יונג און פֿויגל-פֿריי זײַן אָט אַצינד!...

נאָך טרעפּלאַך עטלעכע. אָט איז זי שוין, מײַן טיר.
דאָרט וואַרט אַן אָוונט שוין אַף מיר, אַ לויטערער אַזוינער,
און נאָענט, נאָענט וועט מיר זײַן, ווי קיינער,
אין מיטן ראָד פֿון שײַן אַ ריינינק בויגעלע פּאַפּיר.

---

*

ס'האט היינט פון פעלד א פרישער ווינט
אף הייסע גאסן זיך פארקליבן
און ניט געוואוסט, ווי איין, ווי אויס—
און שטיל געבליבן.

פון טונקלען הויז בין איך ארויס,
דעם ווינט אנקעגן אנגעקומען—
און ס'האט דער ווינט מיך שטיל און לינד
ארומגענומען...

איך האב צעקושט זיך מיטן ווינט
און אָן א ווארט געוואר-געווארן
וואס טוט אף פעלדער זיך אצינד—
דארט בליט שוין קארן!

עס וועט מיר קלינגען היינט ביז נאכט
דער שטילער שאַל פון ווייטן האָרן:
עס בליט שוין קארן!...

———

דעם ליטוואק ב· לוריע

שפאציר.

ס'איז היי-יאר פרי געווארן קאלט, ס'איז אויסגעפאלן שניי,
און ווינטערדיק קוקט אויס די גאס פון אונטער שטאט,
און אַלט און אוראלט קוקט די הימל-ראד,
ווי ס'שמועסן בייענדיקע מענטשן צוויי.

פון ליטע איז ער, און איך בין פון וואלין,
זיך היינט באגעגנט צופעליק און שפאנען סטאם,
און פילן ביידע גלייך, אז ערגעץ זיינען ווארצלען גרין
פון איין געמיינזאַמען פון אונזער ביידנס שטאם.

פון בוימער שמועסן מיר, פון זייער וואונדערלעכן רויש,
פון אלץ, וואס איך האב ליב און ער האט האָלד,
און בלייבן גלייך פארשטוינט ווען פלוצים שוועבט ארויס
א ווייסינקע בערעזע נאך אין זשאווער-גאלד.

1919.

*

דער פלאַנטער פון שטיינערנע הייזער, געגאַרטלט מיט גאַסן,
ער האָט דאך אן אייסוועג אין אלע פיר זייטן!
דורך פארשטאַטן ברייטע זיך ציען דאך פאסן
אין פעלד אינם ווייטן...

פון פענסטער פון הויכע, אין שטיינער פארדרוקטע,
א גריבינקן שמייכל גיט אפט דאָך א צווייגל,
עס ווארפט דאך אראפּ ווען א ליד א צופליקטע
א פויגל פון שטי גל...

און פענימלאך קליינע מיט אויגן באַרוטע
באַטראַכטן די גאַסן דורך לויטערע שויבן,
און מאַמעס באַהיטן זיי, צאַרטע און גוטע,
און שטילע ווי טויבן.

דעם פלאַנטער פון שטיינערנע הייזער, געגאַרטלט מיט גאַסן,
ער האט דאך אן אויסוועג אין אלע פיר זייטן...
דורך פארשטאַטן ברייטע זיך ציען דאך פאסן
אין פעלד אינם ווייטן...

---

משה כאשטשעוואצקין

א מילדער טאג.

איך האָב געשלעפּט פון פרי ביז נאָכט
זיין אָנגעשטאפּטן פּאַק מיט טומל,
צערעכנט האט ער מיך שוין הינטער שטערנדיקן הימל,
כ'מוז מוידע זיין, ניט אפּגענארט.
איך האב פון אים עס ניט געווארט.

געשיינקט אַ טיש מיט לאָמפּן-שיין,
אף טיש אַ צענדלינג אלטע קרעלן,
אַ טינטערל מיט אויסיעסלאך, ווי שוואַרצינקע קאַרעלן,
איך צילע זיי, שניר-אויס, שניר-איין —
ווי קאָן אַ טאָג נאך מילדער זיין?

---

*

אַ נעפּל איבּער גאסן —
לאַמטערנס שטיקן זיך און פינקלען.
אַראָפּ די שפּיצן, אָפּגעהאַקט די קאַנטן,
פאַרשמירט די ווינקלען —
געבּיידעס הויפנס שטייען שטום
אף פייכטער ערד...
אזויפיל נעכט דאָ גיי איך אום
אהין, אַהער—
אַ שטילער וועכטער ...
אָ, הער נאָר, הער!
אין נעפּל קלינגט
אַ יונג געלעכטער—
דאָס גייען צוויי מיט טראָט מיט איינעם...

. . .

געדיינקסט אן אוונט פונקט אזוינעם?...

א י ן  מ אָ ר ג.

אף  קאַלטע מאַרמאָר-טישן  קערפּערס צוויי...
דער גרויער טאָג האָט זיי אַהער צונויפגענומען,
און אָט:
אין  נעפּל  איבער גאַסן
איז היינט געשוואומען ווייניקער
מיט שוואַרצע פּינטעלאַך אַ פּאָר...
אף שטיינער אייניקע
פון נאָך אַ שיך, אַ קויטיקן, אַ נאַסן
געפעלט האָט היינט אַ שפור—
און  גאָר...

---

*

איך האָב דיך ליב, מיין שטיל, געהיים געצעלט,
וואו כ׳וועך געפּייניקט מיט די זיסטע ליידן,
וואו כ׳טראָג מיין לייד מיט העלע פריידן,
וואו איין נעשאמע-ציטער זוכט און ווייַלט
דעם צווייטן...

איך גאַר נאָך דיר, דו, לויטערע מינוט,
ווען כ׳בין קיין סראָרע שוין אין האַרץ אין פולן,
ווען שוין באַפרייטע, שטראָמענדע געפילן
אין קלאָרע קלאַנגען יעדן זייער טריט
פאַרהילן...

*

עס ציט זיך פון ליכטיקן אנהויב
מיין פאדים מיין דינער.
ער האלט זיך מיט שטיינגלאך
געשליינגלטע גרינע
אין ווענטלאך פון קינדערשן וויגל.
— — — — — — — — —
— — — — — — — — —

עס האבן געבריקעוועט זוניקע יאָרן
און זיינען געפלויגן.
עס האט זיך מיין פאדים געפלאָנטערט
און האט זיך געצויגן.
— — — — — — — — —

איך זע אים איצט ווידער
מיין ליכטיקן אנהויב —
איך האב אים געפונען.

און גרינגער איז שפינראד זיך דרייען,
און גרינגער איז שפינען
און וויסן: —
עס האט זיך מיין ליכטיקער פאדים
ניט איבערגעריסן.

———

*

פון מאסקווע דער הויפּט-שטאט אין פריאיקע פלאמען
אַ גרוס דיר, מיין טייערע, אלטינקע מאמע.

ווי שלאנגען זיך רינגלען די בלוטיקע פראַנטן—
און צווישן אונז ביידע אַלץ מער האריזאנטן.

ווי טוט עס אין שטיל דארט דיין הארץ איצטער שלאגן,
דיין הארץ, אונטער וועלכן האסט עלעף געטראגן.

דיין הארץ, אף קיין רעגע וואס ווערט ניט פאראַרעמט,
דיין הארץ און מיין ברוסט, וואָס באוועגט איצט מיין ארעם.

צי איז דאס דיין הארץ שוין געווארן געוואוירע—
דיין בכאָר איז א דיכטער בא אידן געבוירן.

און אז מיט דיין מילך, וואס ווי ווייַן האט צעברויזט זיך,
אף וועלטישער סודע מיין גייסט איצטער גרויסט זיך.

פון מאָסקווע דער הויפּט-שטאט אין פריאיקע פלאמען
א גרוס דיר, מיין טייערע, הארציקע מאמע.

---

אוראלט.

איך בין ווידער אין וואלד
אין מיין אוראלטן לאנד,
אין דעם ליכטיקן קרייז
פון מיין אוריונגער פרייד.

גיב-זשע גיכער דיין האנט,
וואס טראגט רייאך פון לייב —
יעדער פאלד
פון דיין קלייד איז דערווידער.

גיב-זשע גיכער א טרייב,
גיב א שאָר זי אוועק,
די דערעסענע בין,
וואס נאך זשומעט און וועקט
מיין פארשלעפערטן זינען.

. . . . . . .

ווער אף וועגן מיר שטייט?
ווער אנקעגן מיר גייט?
איך וועל יאגן,
דעריאגן,
זיך ראנגלען
מיט הענט און מיט פיס
און מיט ביס
פון פארשארפטע געציינערטע אנגלען...

. . . . . . . . .

אָ—הו!
איך בין ווידער אין וואלד
אין מיין פּאָרכטיקער רו...

---

כ'וועל שווערן, אט אָ דא בין איך געווען אמאָל,
און ס'האבן אָפּגעשפּיגלט מיינע אויגן
אי אָט דעם וואַלד, אי אָט דעם טאָל,
אי' אָט דעם זאַמד, וואס האָט זיין גרונט פארצויגן.
עס סקריפּעט שטיל די ראָד
און הילכיק לאכט אין מיר
מיין מענטשלעכער, מיין מעכטיקער זיקאָרן.
אָ, ער געדיינקט נאָך יעדן קער
אף יעדן וועג פון אַלע מיינע יאָרן...
... איך שווער, איך שווער, עס איז געשען!
אין טרוים, אין אַנדער אורגעשטאַלט—
איך האב דעם טאָל געזען,
איך בין געווען
אין אָט דעם וואַלד!...

---



אַ קאַלטער פאַרצאָרנטער אָוונט
אף ווייסע פארגעסענע פעלדער.
פון אַלעמען ציט מיט אור-עלטער,
און אַלעס איז ווייט מיר און נאענט.

אַן אַלטער שאָסיי אַ באַקאַנטער
מיר טרייבט אַלץ די סטויפעס אַנקעגן,
עס דאַכט זיך מיר אויסעס—איך וואנדער
אף פרעמדע פארצויבערטע וועגן...

אַט שטייט דאָרט א וועלדל—א שווייגנדע איידע—
און ס'לויפן אַלץ סטויפעס און ס'הודן אַלץ דראָטן—
אף פעלדער אף ווייסע מיר יאגן זיךביידע,
מיין שאטן נאך מיר נאך און איך נאך מיין שאָטן...

---

יי - י אָ ר.

ער האָט דעם קאָפּ אין רוים געהויבן,
ער האָט געקנייטשט דעם נידעריקן שטערן
און האָט אין ציטערדיקן גלויבן
געפרעגט די פינקלענדיקע שטערן.

מיט ווייסע קארבן אַף אַ צווייג
באַצייכנט האָט ער שטום
דעם גאַנג פון די מאַזאלעס.

. . . . . . .

און דוירעס שטאַרבן
אַף ערדישן אַרום.
און דוירעס שטייגן.

. . . . . . .

איך האָב פאַרבאַרייטערט שוין
מיין גרויסע מיט —
אומענדלעכקייט איז איצט מיין לוין
פאַר מיינע שווערע טריט.

מיין ווייטער זיידע!

היינט ציט צו דיר
אין וויסטער הייל —
דיין ווילדע פרייד,
דיין ווילדן פאַכעד טיילן,
אין ערשטן וואַלד-געוויש
דעם קאָפּ צעמישן,
אַף ערשטער מאָכן-קישן
מיין האַרץ צו היילן.

I—I—1914.

———

*

1.

כ׳האָב דערזען זי באַם טייך
אונטער צווייגן,
אונטער גרינעם, מיט הימל פאַרלאָטעטן דאַך.
אין אַ פּאָר צענדלינג טריט,
אויף דעם ערדישן שווייגן
האָט געשטומט דאָרט אַ שטיין,
אַ פאַראַקשנטער גליד
פון מיין אורלאַנדס צעזייטן, צעשטויבטן געביין...

כ׳האָב דערזען זי אין נאַקעטער פרייד פון איר לייב,
אין צעפלאָסענער קרוין פון די דופטיקע האָר,
כ׳האָב דערהערט פון די טיפן פון אוריונגע יאָר:
— אָט-אָ די רופט מען ווייב!

2.

אין אײנגן צימער
אף שוואַרצע שטרײנגע בײנקלאַך צװײ
אין אָנמאַכט ליגן אונזערע צעקנײטשטע קלײדער...

. . .

װי אף אַ ברעג
אף זאַמד,
דאָרט װאַרטן זײ
די הײפעלאַך פאַרלאָזטע קלײדער...

כ'בין װײט פון װענט, פון שטעט אַװעקגעשװאומען—
אַרום איז װעלט-געררוים,
און כװאַליעס יאָגן זיך, און אָטעמען מיט שוים...
מײן ליבע, אײל ניט צומאַכן דײן טונקלען בליק,
אין זײן צעבױטעטן באַפײכטן שפּיגל
איצט קוק איך אַלץ אַהין,
אין ליכטיקן פאַרגעסענעם צוריק!...

---

*

אין טיף פון טיפסטן יאם,
אויך דאָרט,
וואו די אלמעכטיקע די זון
ניט טראכט שוין פון קיין שליטע,
וואו ס'ליגן שיכטן וואסער-שטאָל
אין טויט בארוטע;

אין פינסטערן בייס-אלמען דארט,
וואו שיף-געביינען
צאמען
הויפנס קווארים
אין שווייגעניש אין טיפער;

דארט,
וואוהין דער שווערסטער שטיין
(וואס שניידט צום גיכסטן דורך זיין וועג)
דערטראגט א שווארצן גרוס
פון שיין פון ווייטער,

א שטומען גרוס
פון כוואליעס - שפיל
שוין טויזנט מאל באנייטער —
אין טעג פון ווינט ,
פון שלאכט ,
ווען אף דעם יאם
גייט בארג אף בארג ;

אויך דארטן —
האט דאס לעבן זיך געמאכט א נעסט .
דארט וואוינען בריעס
וואונדער - מיעסע ,
וואונדער שיינע ;
און מער ווי מיר
צו לופט ,
צו שיין צו ריינער
מיט דרוק
און קוואַרים - כוישעך
זיינען זיי פארבונדן פעסט .

---

# א כוואַליע.

Волна в разлуке с морем
Не ведает покоя...
*Владимир Соловьев.*

אַ כוואַליע, פאַרשלאָסן אין קרייז פון אַ ברעג,
האַלט שטענדיק אין נאָגן,
אַ כוואַליע, וואָס האָט נאר צום ווייטער אַ שטעג,
האַלט שטענדיק אין יאָגן.

באַגעגנט אַ כוואַליע אַ שוועסטער אין וועג,
איז אַלץ שוין פאַרשטאַנען —
געפלאָכטן די הענט און אַ טראַכט, און אַ פרעג
וואוהין און פון וואַנען.

און וואַרפט זיך אַף וועג איר אַ גרענעץ, אַ דאַמב
און מוז זי זיך שטעלן —
באַהאַלט זי אין האַרצן איר טרוים וועגן יאַם,
און קויכעס אַלץ קוועלן.

און טראָפּן צו טראָפּן, און יעדער גלייך בייַנקט
צו היים־יאַם צום אַלטן,
און טראָפּן צו טראָפּן, און יעדער גלייך דייַנקט
פון רייסן, פון שפּאַלטן!

א כוואַליע, וואָס ווערט מיטן יאַם נאָר צעשיידט,
ווייסט קיינמאָל פון רו מער.
אין העלער, אין שענסטער, אין קוועלנדער פרייד —
פאַרמישט איז שוין קומער.

---

*

נו, ווידער
זיך וויקל און וויקל
דו, קנויל פון מיין פרייד!
איז פרייד דיר געגעבן,
אלצאיינס איז
וואו פוס דיינע שטיים,
אלצאיינס איז
וואו האָט דא דיין לעבן
די אויגן געעפנט.

אין דארעם
דאָרט טראגן זיך וואלקנס,
דארט טראגן זיך כורווישע שטויבן,
דארט טראגן זיך רוישיקע באַלקנס,
די באלקנס פון שטיבל פון דיינעם.
קליינינקערייד,
דורך זיינע, דורך שטילינקע שויבן
געקוקט האסטו גלויביק
אף מיסטיקן ליקל...

נו, ווידער
זיך וויקל און וויקל
דו, קנויל פון מיין פרייד...

אין הויפּט-שטעט אין נייע,
אויף רוישיקע פלעצער,
אין באָוולס, אין רוימען
דיין האַרץ ווערט צעפלאַסן.

עס קלינגט אין פרימאָרגנס
מיט פיילן פון ליכטיקע בויגנס,
און קומען אָן אָוונטס,
דיין האַרץ ווערט געבויגן,
מיט אָרעמס מיט צאַרטע,
מיט בעכערס פון בוימל,
וואו קנויטן פון פריידן
זיך נערן און זויגן
פון ביינקשאַפט, פון ווייטאַק...
מיט אָרעמס מיט צאַרטע,
מיט בעכערס פון בוימל אַזוינעם
הויבט זיך דיין האַרץ דאָ
צו ליכטיקע רוימען
פון הימלשער שפּרייטונג...



איך האָב צעזייט
אַ בינטל בייזע האָר
אַף מיט
פון בייטן ווינטישע
אין אַלע צייטן פונם יאָר,
געהעפט, געפּאָרט
מיט פרילינג-שיין,
מיט ערשטן אָפּטראָג
אונטער דרעשער,
אונטער זיפּ,
מיט שטויב
פון אונטער סלאָ,

פון אונטער מיידלשע,
פון אונטער קינדערשע,
פון אונטער טאנצנדיקע
טריט...

מיט אַלץ וואָס שווינדט
אין ווינקלען ליכטיקע
פון אַלע שווארצע יאָר,
מיט אַלץ, וואס גרייט איז ווערן ניט
און ווערן ווידער גאָר, —
האָב איך צעזייט
מיין בינטל ווילדע האָר...

---



איך בין געווייגט
צו דיינע גרוסן, ווייסער צאפן!...
איך האב געפלאנזשעט לאנג
אף הויל פון ערד,
געהערט,
ווי ווייטן וויגן זיך,
ווי ווייטן ווערן איינגעשלאפן...
אין גרויער מיט
פון הארבסטן פעלד
האב איך געקוקט,
ווי קאלטער טוי
פארפערלט שטיל
דעם טונקלען שניט
פון רעדלאך דינינקע
בא אלטער שטרוי —
איך האב פון עק פון נידעריקן פלויט
פארטרויט
מיין בליק
דער גרויסער וועלט...

און ווען דער האַרבסט
מאַכט קאַלט און ברייט דעם הימל,
אַ פרעמדער בלאָנזשע איך
אף רוישנדיקע גאַסן —
פון הויכע מויערן דער ראַנד
פוןביידע זייטן,
די פלאַכן די געבראָכענע
פון ברייטע דעכער אין דער ווייטן
ניט זיינען ברייטער מער,
ניט זיינען העכער
פון פיצלאָך אַלטן פלויט
אין מיט פון גרויען פעלד...
איך האָב אַמאָל, נאָך קינדווייז
(ווי לאַנג איז דאָס געווען?)
פון עק פון נידעריקן פלויט
פאַרטרויט
מיין בליק
דער גרויסער וועלט!...

---

*

דארט ערגעץ זוימען זיך שוין ווייטן
מיט שווערן שלעפּ פון טונקלען גרוי,
נאָר דאָ איז העל אַזוי,
נאָר דאָ איז אַזוי לויטער!
דאָרט אין דער זיים,
אין טויטער פּוסטקייט פון דעם הימל,
נאָך גליט די זון
מיט געלע לייוונטן פון פעלדער
(שוין באַנומענע),
מיט העלע פייערן
פון יונגע וועלדער,
מיט שטאָלן-בלויע פּאַסן טייך
געזעגנט זיך די ערד
מיט קלאָרן קעניגרייך
פון שווייגנדיקן רוים...
מיט רו
באַכיינט איז איר געזיכט,
און ס'ריזלט נאָך
אין יעדן קנייטש
די צאַרטע ליכט
פון בלאסן שמייכל,

אַ דאַנק
נאָך צאַנקט
אין האַלב פאַרשמאַכטן בליק...
ער איז געווענדט,
איר בליק,
צו אויסגעווייסטע ווענט
פון מענטשן-וואוינונגען
און ס'שיינט
אין קלאָר
פון לעצטן טאָג
איר מוטערישער זאָג:
— פאַר מיר גענוג,
און אַלעמען בין איך היינט מוחל,
זון!
אין פולע שייערן
פאַרזאַמלט איז דיין גלי.

. . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . .

אין טעג פון אלטער קעלט
אף דיינע ווייטע גרוסן
אין שטיל פון אינדערפרי
וועלן ענפערן דיר הויכע רויכן,
און יונגע באקן
וועלן רייצן אים, דעם גראוון פראָסט,
מיט רויטן הייסן בלוט,
און בליקן אויסגערוטע
דורך טרערן קלאָרע
וועלן פון אים שפעטן
מיט פרישער מוט...
פאר מיר געגנוג:
ס'איז יעדער שטאם
שוין טיף באטרונקען
מיט שטאַרקן זאַפט
און רייך און איבעררייך באהאָנגען
מיט זאַט...
איך קאָן שוין רוהיק ליגן
מיט וואַסער-אָדערן פאַרקילטע
אין ווינטער - דעקן פעסט פאַרהילט...
. . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . .

און וועט אַ וואַנדערער,
אַ שטילער און אַ גלויביקער,
אַמאָל אין נאַכט זיך לאָזן
איבער שנייען-פלאַכן
און וועט זיין עלנד שלעפּן איבער פעלדער,
און ווינטן בייזע וועלן זיך צעשפּילן,
און ווינטן בייזע וועלן זיך צעלאַכן:
„ער וועט עס אומברייגגען,
„ער וועט עס אומברייגגען
„זיין ביסל וואַרימקייט
„אין קעלט אין אייביקער..."
און ער וועט גיין,
און ס'וועט זיין שאָטן מיט באַדויערן
אים וואַונקען,
און ער וועט גיין
און וועט אין שלאָף
אַלץ מער און מער פאַרזונקען—
. .   . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . .

ווען איך אַ צי־טון אים
מיט צוג
פון מיינע ווייטע, ווייטע נאָך צעגליטע טיפן,
און ער וועט פּאַקן...
און ווינטן בייזע וועלן זיך צעהוליען,
און שנייען וועלן אים פאַרהילן,
און כ'וועל צו קאַלטער ברוסט אים טוליען, טוליען...

. . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . .

און ערגעץ וועט אַ ווינט
מיט פרעמדער צווייגן־האַנט
אַ קלאַפּ־טון אין אַ וואַנט,
און ס'וועט אַ הארץ אַ נאָג־טון,
און ערגעץ וועט אַ קינד
זיך פּלוצים דרין צעשרייען,
און ס'וועט אַ פייער טון אַ פינקל
אין ווייט פון פינסטער־טיפן,
און מוטערישע אָרעמס,
וואָס טראָפּנס שלאָף פון זיי נאָך טריפן,
וועלן בלינד דאָס קינד געפינען
און צו דער פולער ברוסט
עס טוליען, טוליען...

. . . . . . . . . .

*

אין דער גרויסער אַלייע
זיינען שטרייגנער די בוימער!...
אין קלאַרע פרימאָרגנס
איז גרינג דאָרט צו שפּאַנען,
איז גרינג דאָרט צו קלערן
מיט האַרבסטיקן האַרצן...
אף קינדער פאַרברוינטע
דארט ווארטן קאשטאַנען
(ס'איז היי־יאָר געראָטן),
און זוניקע רעדלאַך
דאָרט ליגן און רוען
אין בלוילאַכע ראַמען
פון קילבלעכן שאָטן...
אין דער גרויסער אַלייע
זיינען שטרייגנער די בוימער!..
אין קלאָרע פרימאָרגנס
איז גרינג דאָרט צו קלערן —
פון שטויביקן אומרו
דאָס האַרץ צו באַשווערן...

———



דער לעצטער בלעטער-פאַל!...
און יעדער שפּאַן
מיך פירט אין טיף פון האַרבסט...
און ווידער רופט
און מאָנט דאָס האַרץ
מיט ווייסע אויסוועלטן זיך העפטן...
דער פאַרקן ריכט מיין וועג,
און יעדער ראַנד
פון שטיין, פון אייזן
דערציילט דער ווארעם פון מיין האַנט
מיט קאַלטע שטעכיקע באַווייזן,
אַז צווישן שוועסטער-קרעפטן
אין גרויסער וועלט,
דאָרט העכער צוים און העכער ריגל,
אין לופטיק-שטאָלענעם געפליגל,
דאָרט לויערט זי
די אומפאַרשטענדלעכע, די אומבאַגרייפלעך וויסטע קעלט...

נאָר דאָ איז שטיל,
נאָר דאָ איז גרינג
אף נאָך אַ זונען-גאַנג פאַרהילן
דעם קאָם פאַרדרימלטן,
דעם קאָם געשטילטן וו־לן...
ער וואַרט
אף נייעם, אף ווידער נייעם,
אף ווידער ערשטן,
אף ווידער פלאַמיקן געניס...

. . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . .

וואו ביסטו, נייער קוואַל,
פאַר נייער דאָרשט פאַר מיינער?

. . . . . . . . . . . . . . . . .

דורך הוילן שפיץ פון בוים,
דורך קריץ
פון שוואַלבן-פלי אין בלאָען רוים
איצט שיק איך דיר מיין בענטשנדיקן גרוס!...

---

*

אף גאָרנס איבער מיר,
אין גאָרנס אונטער מיר,
מיט אָנמאַכט נאכטיקן
אין שלאָף
געוויקלט ליגן מענטשן...
דורך פענסטער אָפענעם
א שוואַרצע שטיק פון וועלטן-שטאָף,
אין בלוי, אין העל געשטערנט,
פארפאָרהאַנגט מיר מיין גליענדיקע מי
בײַ פריינדלעכן געוואָך
פון מיין עלעקטר-לעמפל...
ארום איז נאַכט.
און דארט, אין אנדער האלבן קרייז פון אט דעם הימל,
דאָרט ליגט אן אנדער האלבע וועלט
אין העלער שיין, אין טומל...
היי, אלע איר, ווער ס'וואכט
אט איצט
מיט מיר!

ווער ס׳קוקט אין נאכט,
ווער ס׳זינקט אין טאג,
ווער אויגן ערשט פאַרפלאמט אין שפיל פון מארגן־שיין
מיין ווייטער ברודער, ווער דו זאלסט ניט זיין!
איך גיי מיט אָפן הארץ צו דיר
מיין לעבן צו פארמערן,
און ליגסטו שטום אף בראַכשטולן פון וויי
און לייגסטו הארט אריין
אין איינג פאַרשנירטער ברוסט
דעם שטיין פון הייסן האס,
און מורמעלן פון ליבע דײַנע ליפּן —
פאר אלץ איז אָפן שוין
די טיר פון מיינע ריפּן...
כ׳בין איצטער אוף
אין פּלוצימדיקן גלי,
דא נעבן ליגט אַ שטיקל נאכט,
אַ גרויסער טומלדיקער טאג,
און אונטן דארטן — אלע מיינע יארן
פון שלאף, פון וואך,
פון דוירעס און פון טקופעס...

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

און יעדער רעגע-קאָפּ,
וואָס ס׳וויל מיין האַנט פארכאפּן,
אַן אופהער שוועבט אוועק
אין אלע שווינדלענדיקע עקן!

. . . . . . . . . . . . . . . . .

וואַס קאַן מיר איצטער פעלן?
וואס קאַן דאס הארץ נאך וועלן?
כוץ קוועלן, קוועלן
און פול און איבערפול צו זיין
מיט פיין,
מיט זיסן פיין...

. . . . . . . . . . . . . . . . .

און ווייסן, ווייסן,
אַז ערגעץ איבער שוועלן
וועט נאך א הארץ גענ׳סן,
און פול און איבערפול וועט זיין
פון מיין שוין לאנג פארשווענדטן פיין!...



אף ערשט פארהארטעוועטער ערד
אין פרי אין פראסטיקן
צום ברונים שפאנען...
און פלוצים דרין דערשפירן:
ס'איז גאר נאך ניט פארווערט!
פאראן נאך מוט, פאראנען
אין וועלט אין אייזיק-ראסטיקער,
און לאזן לויפן זיך אין טאג אין פרייען,
און שפירן:
אַ טאג אַ שטאָלענער, אַ שפּאָגל נייער,
אַ הארץ אַ יונגס,
אן אייזערנער אן אלטער עמער —
זיך שפילן אלע דרייען
מיט יונגע קלינגענדיקע טענער!...

מיט שטייפער האנט
דעם ערשטן אייז צעקלאפן,
ארויסרייסן א שטיקל טיף
און זען און הערן,
ווי טראפנס קלאגן זיך און ווערן
און יאגן זיך,
ווי שווארצער טריף,
אהין, צוריק...
אין דעם איז אויך פאראן א שטיקל גליק!...
און מיט א צענדלינג יארן שפעטער,
אין טעג פון פיין, פון צאר און צארן,
אין סאף פון נאכט פון שווערער ווערן פלוצים וואך
און אויסציען די אפגעקילטע גלידער,
דעם שטומען צימער ניט דערקאנען,
און הערן, הערן לאנג,
ווי ערגעץ דא ניט נאענט און ניט ווייט
פארהערן זיך קאנאנען, —
דורך טריבער שויב דערזען,
ווי ס'שפראצט א טאג א נייער דארן...

און אין דער רעגע זיך דערמאנען
אין יענעם פראסטיקן און קלינגענדיקן מארגן...
אין אט דעם פיין איז אויך נאך גליק פארבארגן,
און יעדער אופגעוואכטער גליד נאך זאגט:
— איך וויל ניט שטארבן!
און מיט צעשפרייטע פליגל קנים דער גייסט
פאר שוועבנדיקער קיים פון צייט!
אָ, לאזט מיך, רינגען, זיך פארקאָרבן!...
איך ווייס נאך נים וואוהין איר ציט,
איך ווייס נאך ניט פון וואנען!
נאר ס׳איז אזוי פיל זיסע לייד פאראנען
אין אייער גרויסן ציען —
איך וויל מיין ווי נאך ניט באשרייבקען! —
איך וועל נאך דיינקען,
איך וועל אין ראָש פון קראַכן שטיל זיך מיען,
איך וועל אין פיין
נאך גליען,
גליען...

## TRISTIA



(„ומבשרי אחזה אלוה". איוב, י"ט)

## זון-פארגאנג.

נאך א שווים פון זונען-האפן ווייטן...
ווידער כ'בין צו וויסטעניש געווענדט.
פעסט ווי וועלט איז דא די בייט פון צייטן...
נאָר פארוואס פארברעכן זיך די הענט?

קאלטע ערד מיט אלע אירע ראסטן
שווימט ווי רויך פון אונטער מיינע פיס...
גלייך א לאַסט מיר האט מיין טראט צעמאַסטן,
גלייך עם קלינגט מיר: זע נאר, ניט צעגיס!

אַלץ דא טויג פאר פרייעם פלאם פון לעבן...
האט געוויין דיר אפגעזאגט דער טאג,
איז ביז טיפער נאכט דיר גלי פארבליבן—
ווי פון ריס, פון אפשייד ווייט צעטראג!...

---

...א וואלגער,
און ווידער א וועלט איינגעפאלן,
פארפאלן אהינצו,
אין אפגרונט פון ליידן פון דיינע—
און שאַ...

. . . . . . . . . . . . . . .

און עפשער דיין וועלט איז אין וועג נאך?

. . . . . . . . . . . . . . .

אָ, אפגרונט!
איך מאָן ניט, איך פרעג נאר—
איך ווייס שוין פון לאַנג, פון לאנגאנבען,
וואס הייסט מיט דיר טיינען,
וואס הייסט באַ דיר מאנען...

. . . . . . . . . . . . . . .

איך שטיי דא פון אויבן
באַם זוים פון דיין שלונג פון דיין שווארצן,
איך קני דא,
איך שפרייט מיינע הענט אויס
צו פוסטקייט צו קאלטער און שטומער...

ס'ווערט עפשער נאך קומען
אן אפקלאנג פון פאלן,
פון וועלטישן פאלן
אף איינעם א סטארטשענדן קנייטש בא א זייט-וואו,
אן אפקלאנג א טויבער,
א ווייטער...
פאר דיר דא,
פאר שטייען,
פאר קניען
מיט הענט אויסגעשפרייטע,
וואס קאן ער באטייטן?
. . . . . . . . . . . . . .
וואס ביסטו אין שטאנד נאך?
דאס שענסטע,
דאס ריינסטע
דאס גרעסטע—
פון ווייען, פון ליידן
נאך קענסטו
באקומען
א שנירעלע שורעס
געריימטע,
געפרעסטע,
א שנירעלע שורעס אף בלעטל צעקנייטשטן,
פארוואלגערט דארט ערגעץ
אין ריזיקע קאָרבן פון יארן!...
. . . . . . . . . . . . . .

געדיינקסטו,
האסט ענלעכעס עפעס געזען דאך
אין קינדערשע יארן אין צארטע?

. . . . . . . . . . . . .

...אין שטיינערנע הויפן
באַ מיסט-הויפנס גרויסע
אין קאסטנס פארשפארטע—
(מיט קרעציקע קעץ,
מיט פארוואגלטע הינט,
וואס זיך גריבלען פון אויבן),
באַ קאסטנס אזוינע
אף ראסטיקע, ברודיקע שטיינער
אפט צוזען
א שנירעלע בלוט-טראפנס העלע און ריינע...

. . . . . . . . . . . . .

ביסט שטענדיק פאַר זיי דאן געשטאנען
אין וואונדער אין שטומען...
פאר הארצן פאר דיינעם
געווען איז אלץ איינס נאך,
ווער האט זיי פארלארן,
פון וואנען אהערצו זיי קומען...

און אויבער
עס וועט דיך באגליקן
און זיין וועט דיין ליד אזוי העפקער און זויבער,
ווי בלוטיקע טראָפּנס
אף שנייען פון ווייטן סיבּיריען...
עס האט זיי באַוויזן צעזייען
אין לעצטע מינוטן
א פּיקסל פון צאפּן, א הינטל פון שנייען...

. . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . .

געדיינקסט, ווי עס שטארבט אזא פּיקסל,
וואס האָט נאר איין כאָכמע געקראגן —
פאָר הימל,
פאר לייטן
א הייטל א פּוכיקס א ווייסינקס
אין ווינטער אין ווייסן צו טראגן...
געדיינקסט, ווי עס שטארבט אזא פּיקסל...

. . .

שארף איז דער בליק באַ דעם פעלדישן יעגער,
ער זעט עס, דאס פיקסל,
נאר פארט אין א זייט גאר.
ער וואַרפט פריער אָנעט פון ווייטן
אַ קרייז גאר אַ ברייטן...
און פיקסל ווייסט אײנס נאר —
מיט פעלעכל ווייסן
צו ווייסקייט פון פלאכן
זיך בויגן, זיך טוליען...
א קרייז נאך א קרייז,
און אַלץ שמעלער און שמעלער,
און ס׳שטעקן שוין שפיזלאך פון פאכעד
באַ פיקסל אין אויגן—
און וואלט עס שוין וועלן,
דאס ווייסינקע פיקסל,
זיך רייסן
און לויפן,—
איז איצטער שוין שפעט דא וואס עפעס באווייזן...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

און שארף איז דאס אויג באַ דעם פעלדישן יעגער,
געטריי איז זיין ביקסל...
און טרעפט ער
אין קאָפּ ניט,
אהין, וואו געהער איז —
אין מיט
צווישן שלייפן,
אין שניט
צווישן אייגעלאך שווארצע —
דאן טרעפט ער
אין הארצן!...

. . . . . . . . . . . .

נאר טרייסט איז פאַר קיינעם
אַף ערד ניט פאַרבאָטן!
פאר פיקסל אַזוינעם,
וואָס האָט ניט געוואָלט
און האָט פארט זיי צעשאטן,
די בלוטיקע טראָפּנס,
אַף זויבער פון שנייען,
איז אויך נאָך אַ טרייסט דאָ פאַראַנען. —

. . . . . . . . . . . . . . . .

עס קאָן זיך דאָך טרעפן,
איין גאָט ווייסט פון וואַנען,
זאָל קומען
אַ גייער, אַ זוכער
אַ טרוימער, אַ שפּאַנער,
וואָס ציט דורך זיין רייזע
דורך פעלדער דורך ווייסע...
עס קאָן זיך דאָך טרעפן,
אַז מענשטלעכעס האַרץ זאָל זיי טוליען,
די בלוטיקע ווייען,
אַז מענשטלעכער בליק זאָל זיי איינציקוויס קלייבן
פון זויבער פון שנייען
די טראָפּנס די רויטע...
דען איז דאָס קיין טרייסט ניט?...
נו, זאָג-זשע, נו, בויג-זשע דעם קאָפּ אָן, זיי מוידע!
אַ טרייסט אַזאַ איז איצט דאָס גרעסטע
פאַר דיר און פאַר פיקסל געמיינזאַם...
. . . . . . . . . . . . . .

אַ, אָפּגרונט!
אויב דאָס איז דאָס גרעסטע,
וואָס קאָן שוין דאָ קליין זיין?
. . . . . . . . . . . . . . .

---

## קינדער־שפרוך.

„אסור לקראת...
בנביאים וכתובים
ומותר לקראת באיוב"
(דיני אבילות)

. . . . . . . . . . . . .

„בלע המות לנצח
ומחה אדני דמעה מכל פנים"..
(ישעיה כ"ח.)

ס׳איז פאָרט שוין פעווראַל,
מיט אַמאָל איז געוואָרן היינט לינדער,
און קינדער
זיי האָבן צעשפילט זיך, צעהוליעט
אַף פירעקן-שיין, וואָס דורך וואַרעמע פענסטער
צום דיל צו דעם קאַלטן זיך טוליען...

. . . . . . . . . . . . . . .

ווי האָט ער געטרויערט מיין זיידע מיין ווייטער?
ווי וועלן זיי טרויערן, קינדער נאָך קליינע,
נאָך ווילדע,
וואָס ברעקלען דעם טונקלען געוועב פון מיין שווייגן,
און מאַכן אים גאַנץ באַלד,
און וויקלען צונויף אים
אינאיינעם מיט קלאַנגען פון יונגען געפילדער...

ס׳איז גרינגער

פון זייערע הענטלאַך אים ווידער באַקומען
און ווידער זיך הילן,
און שפּאַנען, און שטומען, און שטומען...
מיין טאָג שוועבט זיך ווייטער,
און טריבע מינוטן דורך פענסטער דורך העלע
מיר שיטן זיך ווידער...
איך זיפּ זיי דורך פינגער דורך מידע,
ווי זאַמד,
ווי אַנצאָליקן זאַמד אף אַ ברעג פון אַ יאַם,
אפן ראַנד,
וואו צוויי גרויסע יסוידעס
אַלץ פליסן און גיסן צוגויף זיך צוזאַמען...

. . . . . . . . . . . . . .

ווי האָט ער געטרויערט, מיין זיידע?...
עס אַרט מיך ניט שטאַרק, נאָר איך פרעג עס,
פון פרי היינט אין שטילקייט אַ פראַגע באַלייט מיך...

...און, ס'האָט זיך באַוויזן:
אַ סידער אָן אַלטן
(מיט דיני אבלות—
אָן אַלטן בית-יעקב)
האָב איך היינט צו דאַנקען
פאַר מאָנעלאַך טרייסט,
פאַר אַ פּאָר פרישע רעגעס...
מיין טרייסט איז אין דעם מיר באַשטאַנען,
וואָס ערגעץ אַ לאַנד אַזאַ עוץ איז פאַראַנען,
וואָס דאָרט האָט געוואוינט אַ מאַן איוב,
און אָט, אין שטאָט, וואָס הייסט קיעוו,
מיט יאָרן מיט טויזנטער שפּעטער
געמישט האָב איך גלאָטינקע בריטישע בלעטער
אָט דאָרט, וואו פון איוב אין זיי איז פאַרשריבן...
ס'איז נאָך מיר אַ פראַגע געבליבן:
. . . . . . . . . . . . . .
ווי וועלן זיי טרויערן, קינדער נאָך קליינע?
נאָר וועמען דאָ קאָן איך איצט פרעגן?
אינגאַנצן דאָס האָבן פאַרשוויגן
די אַלטינקע שורעלאַך רש״י...

און וועגן אַזעלעכע זאַכן
מיט וואונקען, מיט פונקען נאָר רעדט דאָס טאַנאַכל...
אין מויאך אין מידן זיך באָרבלס:
פאַסטערס אינסטיטוט,
אָפּטימיזם
און מעטשניקאָווס וועלט-פּראָסטאָקוואַשע...
און עפּשער זיך ווענדן צו קינדער?
נאָר קינדער,
זיי האָבן צעשפּילט זיך, צעהוליעט...
ס'איז פּאָרט שוין פּעווראַל,
מיט אַמאָל איז געוואָרן היינט לינדער,
און קינדער —
זיי האָבן צעשפּילט זיך, צעהוליעט
אַף פּירעקן-שיין, וואָס צום דיל
צו דעם קאַלטן זיך טוליען...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

איך מיש שוין זיי ווידער,
די גלאַטינקע ברימישע בלעטלאַך.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אָ, קלוגער אליפז,
אליפז פון תימן,
דיין קלאָרע כאַריפעס
ניט וואַרעמט שוין קיינעם...

מיין קאָפּ איז מיט אַש ניט באַשאָטן,
איך שטיי אַן אָנטבלויוטער —
פֿאַר מיר איז דאָ גאָרניט פֿאַרבאָטן!
מיין אָנמאַכט, מיין מענטשלעכער אָנמאַכט
איז נידריקער נאָך פֿון די דילן פֿון קלויסטערס,
פֿון דילן פֿאַרבוקטע
דורך שטערנס פֿון דוירעס...
נאָר ס'האָט אויך אין הייך ניט קיין גלייכן
מיין מענטשלעכע דרייסטקייט —
איך וויל פֿון קיין טרייסטערס ניט וויסן,
אָט דאָ אויף דער ערד צווישן וועלטן!
די גרייס פֿון מיין מענטשלעכען עלנד,
די גרייס פֿון מיין טרויער —
אָט דאָס איז מיין טרייסט,
מיין געוויסן,
מיין דרייסט
און מיין קויאַך...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .



דערזע איך אף ווייטע מידבאריעס
צעגליטע סאַמומען —
דערזע איך אויך באלד קאַראַוואנען,
וואס גייען און קומען —
וואוהין און פון וואנען?
אין טהאָמישן קראַכן,
אין שפּיי פון וואולקאַנען
דערהער איך די שטילקייט פון מענטשלעכן וויינען,
אין שפּיל פון פרי-יאָריקע שטראלן,
אף אַלטע פאַרראָסטעטע שטיינער
דערהער איך דעם ריינעם געפּילדער
פון קינדער,
פון קינדער, וואָס קאָנען אין אויגנבליק איינעם
אי לאַכן, אי וויינען...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

איך האב מיין באוואוסטזיין אף וועלט אופגעהאנגען —
א כופע אן עק און אן שטאנגען —
נאר כ׳קאן זיך קיין רעגע ניט שיידן
פון ערדישע בייטן!...
איך הויב מיינע אויגן
צו שטויבן פון שטערן,
נאר קלאנגען פון ספערן
ניט קאנען פארטויבן
דעם יובל פון מענטשלעכע פריידן,
די קלאגן פון מענטשלעכע ליידן...

---



אין מיט פון טאָג
איז יעדע זאַך באַהערשט מיט שיין,
אין מיט פון טאָג
איז יעדער שאטן קלענער...
אין מיט פון טאג
פארגיין,
אין מיט פון טאָג
א טרוים צו זיין
איז שענער!...
נאר איך, נאר איך,
נאר מענטש אליין
געבענטשט בין מיט דער גאב
נאָך פון זעניט
אליין אראפ
אין טהאָם פון טרוים.

הײַ, אלע איר, װער ס'האָט געקאָנט
מיט הײסן ברײטן שניט
זיך אױסװאָרצלען אַלײן
אַ יונגן בױם
פון ערדן-מיט,
פון װאלד פון לעבן, —
הײַ, אַלע איר, װער ס'האָט אַלײן
מיט שטאַרקער גרינגער האַנט
דאס יונגע לעבן אופגעהױבן
און הױך געװאָרפן עס
אף טונקלער װאנט
פון מענטשן-נישטיקײט און איבערגלױבן,
געװאָרפן עס און ניט געדײנקט
און ניט צוריק גענומען, —
און די, װאס דא געבליבן,
אײנס געשײנקט —
באװאונדערן און רומען! —

הײַ, אַלע איר, װער ס'האָט

אין פֿולן רײַף פֿון יאָר

מיט דרעשער ברענענדיקן

אַלײן זיך אױסגעדראָשן!

אױבּ איר זײַנט טרױם,

װאָס איז דאָ װאָר?

און איר, און איר,

װאָס זײַנען דאָ,

װי דו, װי דו, װי דו, װי דו,

אין שאָ

אין ליכטיקסטער געװאָרן אױסגעלאָשן—

צו אײַך איז איצט מײַן האַרץ גענײגט!

ס'איז העל די טיר

פֿון אײַער רו,

פֿאַר אײַער שװעל

מײַן גײַסט זיך בּױגט

און קניט,

צו אײַך, צו אײַך,

איצט גלי איך, גלי אין טפֿילע-ליד.

---

אָווּנט.

און אויב
דער טאָג געווען איז היינט שוין אומקלאָר שיין,
און אויב
די מענטשן-שפּיל אף גרויסער גאַס איז היינט געווען ריין —
איז ווען עס בויגט צו אַנדער טייל פון לעבן,
צו שלאָף-געהעפט, צו טרוים-געוועבן,
איז וועמען עס דערציילן גרינג
מיט שטילן גלעט פון אויג,
מיט ווערטער פּראָסטע וועגן ברויט און וועגן זאַלץ,
מיט גוטן נויג
צו הערעלאַך צו זוניקע
אף יונגן האַלז?

און דאָרט, און דאָרט,
וואו ברעקלאך קייווער-פינסטערניש
מיט ליים פאַרפרוירענער זיך האָבן שווער געשאָטן —
דאָרט נאכט נאָך נאַכט,
(שוין ווייך געשיכט
אין ערשטע פרילינגס-נעפלען),
דאָס בערגעלע דאָס גראָזוס שוין האָבן שטיל באַטראָטן...
און אויב
איך גלויב,
אַז אף דעם טיפסטן הינטערגרונט,
אף קלאָרסטער שויב,
פון אונטער אַלע זעאונגען-געמישן
וועט גאָר שוין ניט פאַרווישן
דיין גאָלדן-בלוטיק בילד —
איז ווען עס דערציילן טריי און מילד?...

פרי.

פון ווייטע זונען-כוואַליעס נאָך א טראג,
און נאך אַ טאָג, און נאָך א טאָג.
און וואָס איז זעקס, און וואָס איז זיבן,
אַז יעדער איינס נאר ווייסט,
ער הייסט:
לעבן!...
לעבן!
איך ווייס:
איך וועל נאָך פאלגן יעדער הייס,
איך וועל נאָך הערן יעדער שאף
פון מינדסטן פינגער דיינעם —
אין גרויסער ווידערשפעניקייט אַ קנעכט,
אין גרויסער האַרנקייט א שקלאף,
אין פריידן און אין פיינען!

איך ווייס:
אן אנדער איבערהאר,
א סאַר פון גאר אַן אנדער ווילן
וועט זיך ניט רוהיקן,
וועט זיך ניט שטילן —
ער וועט מיך גרייפן אומגעריכט,
ער וועט מיין קלאר געזיכט
מיט בלענדעניש פארקליפן
און וועט מיך טרייבן
צו גלאנץ פון אויג,
צו גלוט פון ליפן...
נאר דיר, אָ, טויט!
דער שווארצער פאן אף דיינע שוועבנדיקע מאַסטן,
אויך דיר
בין איך פון איצט שוין טריי,
ווי כ'בין דיר טריי געבליבן,
מיין גרויסע פרייד, מיין שווערע לאסט,
מיין לעבן!...

---

## װיאָלאָנטשעל.

„מה תשתוחחי נפשי״ (תהלים מ״ד).

װאָס בויגסטו זיך, מײַן זעל?
װאָס ברומסטו ברוסטיק טיף?
און ס'ציטערן די װענט,
די זײַלן פֿון מײַן זײַן,
און העכער, העכער שטײַגט
די שטיל פֿון ערע דײַנער,
און נידער װערט באַגראָט
מיט שטויב פֿון דײַנע פּיס.

װאָס בויגסטו זיך, מײַן זעל?
װאָס ברומסטו ברוסטיק טיף?
װאָס באָדסטו זיך אין שטויב,
װאָס װאַשסטו זיך אין אַש,
װי פֿויגלען אין אַ היץ,
װאָס האָבן פֿורכט פֿאַר װאַסער
און קילן זיך מיט ערד
און פֿרישן זיך אין מיסט?...

וואָס בויגסטו זיך, מיין זעל?
וואָס ברומסטו ברוסטיק טיף,
ווי זאָד פון פרישן בלוט
אַף שטומען רויטן שטיין,
ווי זאָד, וואָס ווערט ניט שטיל
פון אומשולד זויבער-ריינעם,
ביז גלויביק הייסעס בלוט
מיט ציטער אים באַגיסט.

נו, בויג-זשע זיך, מיין זעל,
נו, ברום-זשע ברוסטיק טיף,
און ווער פון אַשן קלאָר,
פון בלוטן ווער שוין ריין,
און ווער פון ציטער מילד,
ווער לויטער שוין פון וויינען,
און זאָל צו ליכט דיר זיין
דיין גרויסער בראָך, דיין ריס!

---

אין קראנקן מויאַך,
ווי הייסער פעך,
זיך שיסן נעמען
פון שטעט פארשוועגדעטע,
בלוטיק נאַענטע
און בלוטיק פרעמדע...
פאַסטאוו!
וואסילקאָוו!
און נאך,
און נאַך...

כ'האָב אָנגעטאָן
צוויי קעגנאיבערדיקע פענסטער
פון וואגאָן
אַף מיינע דאָרשטיקע,
שוין פיבערדיקע בליקן...
אָן מי,
אָן רו,

אָן שאַבעס
און אָן זונטאָג
גייט די וואָך...

איך וואַנדער ווידער
איבער אייער הויל,
צעוויקלטע, צעלאָזטע פעלדער
פון אוקראַינע;
איך שרייב מיט רויך
פון שוין צעשרויפטן
לאָקאָמאָטיוו
אַ אייליקע, אַ ציטעריקע בריוו
דער העלער הימלדיקער הויך...

מיט הייסן גלייכגילט
קוקט זי צו,
ווי עס שווינדלען
אָאַזיסן פון מיינע כורוועס
אַף ברייטער פלאַך פון פעלדער מילדע,

שטיל פאַרשאָטענע
מיט ביינקשאפט,
רייך באַפייכטע
מיט מיין בלוט...

די אָפּגעריסענע
צעדאַרטע ווענט
פון גרויען
אומריינעם וואַגאָן —
זיי ציטערן
אינאיינעם מיט די זייטלאך
פון מיין אופגעוואכטן האַרץ,
און אונטער וואַקלענדיקע פּלייצעס
שטיים יונג-געבויגן,
מיט וואַרימקייט און קינדערש-ריינע אויגן,
די אַלטע-אַלטע טיינע:
וואָס וואיגט אַריבער
אַ טראָפּן בלוט
פון קינדערשן
אומשולדיק-שיינעם וועזן...

אַ טאָג, אַ טאָג אַ גאַנצן וואַרטן
אַף דרײַ פאַרשעמטע קלינג...

איך קאָן זי שוין פון לאַנג,
די אומעטיקע ליידיקגייערשאַפט
אַף דײַנע וויסטיקע וואָקזאַלן...

טריט באַנדיטישע
און לידער שיקערע
אַף דײַנע ווימלענדיקע מאַרקן...

איך קאָן זי שוין פון לאַנג,
די ברוסט
פון דײַנע מיינגען,
וואָס אונטער סוויטע רויטלעכער
(ווי אַלטע פאַרזשאַווערטע אײַזן)
איז שטענדיק גרייט
זיך שטאָפּן מיט פאַרדרוס,
איז שטענדיק גרייט
די ווילדע הענט צעהוידען,
זיי וואַרפן אַף אַ קאָפּ:
—שלאָג!
—קלאַפּ...

איך פיל מיט ליבּע נאָך:
עס האָט קיין שויב דאָ ניט געפּלאַצט
אין בערג-טורעמס אין דיינע,
וואָס קוקן, לויטער נאָך,
אַף די געוויסערן פון דניעפּר,
אַף סטעפּעס דיינע...
מיט טויזנט טאַצן הייסע טאַנצט די זון
און בלענדט,
און הויבּט בּאַ פּיסגייער די פיס,
און וואַרפט בּאַ וואַנדערער די הענט...

איך ווייס דאָס אויך:
בּיסט דוירעס לאַנג
געווען אַ מיקלעט-פּלאַץ
פאַר אויסוואָרפן
פון גרויסן גרויען לאַנד...
אַף אַלע-אַלע שטרעקעס דיינע
שאַטנט זיך דיין שאַנד,
אוקראַינע!

---

*

אהין, אהין,
צום גרויען ווינקעלע,
וואס האָט דיין קערפער רו געגעבן,
אף מידע פעלדער פון וואלין —
אהין, אהין
איצט הויב איך מיינע הענט:
אף שטרעקעס טויזנטמייליקע
פון פאָטערלאנד פון דיינעם
שוין טריטן ווידער מאכנעס אייליקע,
און רויטע פאנען ווידער טייַנען
מיט גאנצער וועלט!
מיין צארטער ברודער־העלד!
ווי מיטן ערשטן פארגעפיל
פון פרייע פרילינגס־פריידן,
ווי מיט דעם ערשטן קראמף
פון שטאלצע הייסע ליידן,
וועט זיך מיט דיר
אין גרויסן קאמף
דאס יונגע הארץ
שוין אייביק ניט צעשיידן...

---



קיין דאך, קיין ווענט, און שוועלן אומעטום,
און פיס פארהאלטן זיך שוין גרייטע צום ארייננגאנג,
און טירן ציען מיך און פירן מיך ארום,
טירן הארבסטיקע מיט לויטערקייט פארהאנגען...

ס׳האָט ליבע צארט געהוידעט דאָ איר וויג...
היימען הונדערטער זיך האבן שטיל געראַווכערט.
צי האט פון דאנען נאך געדעטעט זיך א בליק?
צי שפילן ערגעץ-וואו פונדאנענדיקע קויכעס?

וואס דארף איך זי, די לויטערקייט די קלארע,
וואס אויך אין שפאלטן-כ׳ורווישע פאררינט,
און וואס צעטראגן וועט פון ביטערע האזקארעס
מיין זייער (דערווייל מיין איינציקער)—דער ווינט...

*

ווידער רויש פון רעדער גיט צו וויסן,
אַז איך בין אין ענדערונג אין וועג.
וואָס-זשע הייסט דאָס ליידן, וואָס-זשע הייסט געניסן?—
כ׳פרעג!...

אויב איין שמאָלער ריר דאָ האָט פאַרטיליקט
אָט דעם קאַנט פון אומרו און פון רו,—
וואו-זשע איז דאָ צווישן זיי דער כילעק,
וואו?...

רעלס און ראָד און שטויב און רויך און ווילדער—
אַלץ דאָ בלייבט אַף נייעם טרייב.
רו-זשע אַף אַ ווײַלע—אויך דיין בילד דאָ
בלייבט...

*

אין ווינט,
וואָס שווינדט אָנקעגן מיר,
אין נעפּלדיקער גיך...
דאָ צווישן האָלץ, און שטיין, און רויך
און לעבעדיקן דראַנג
טוט אָפּט מיר עפּעס באַנק...
און פֿאַר דער שווינדלענדיקער טיר
מיר ווילט זיך אין דער העלער הויך
דערזען אויך זיך...

---

אין הויכן דער שטאָם זיך פאַרצווייגט,
וואָס וואָרצלט זיך טיף אין די מיסטן;
פון אומגערנס טויזנטער שטייגט
מיין קלאָרער אומיסטן!...

ווער שטויבט מיך מיט אָפּשאף אין וואונק?
ווער אָרעמט מיך שטענדיק אינאיינעם?
ווער ווארפט מיך אריבער דעם שלונג
פון הונדערטער אָפּענע „ביינען"?...

נאָר הארץ מיינס האלט נאך די לויב
אין שעלטנדע הימנען פון שטרייטן,
און האַרץ מיינס זויגט נאָך פון טרויב,
וואָס נערט און שטאַרקט אָף צייטן.

---

איך בין
אף אַלטן שטאַם אף מיינעם
מיט צווייגן הײנגענדיקע, גראָווע פלאַקסן
אַ יונגע צווייג,
און איין באַגער נאָר האָב איך—וואַקסן!
איך גרין,
איך שטײַג
אַהין,
וואו ס'העלט—
איך וויל מיט רויטע בליטן טײַנען
מיט גרויסער וועלט!
פון אַלטן שטאַם פון מיינעם,
פון אַלטן זאַפט
נאָך שעפּ איך יונגע קראַפט,
נאָך זויג איך אַלטע ווײַנען—
און ווען די נאַכט פאַרלאָזט
דעם קאַלטן רוים,
באַ ערשטן בליי פון זון—
פון אַלטן שטאַם,
פון אַלטן ראָסט
פאַרשיקערט קוקט מיין יונגע קרוין
אַנקעגן זון...

---

*

ווען ס'קריצן ציין צונויפגעפרעסטע,
ווען ס'בליצן פונקען פון די אויגן,
ווער קאָן מיר אייצען מעסטן,
ווער קאן מיך פרעגן:
האסטו אפגעוואויגן?
איך ווייס נאר איינס,
און האט דאס איינס נאר קאן איך ציילן:
ס'איז הייס
דאס הארץ,
עס טרייבט
נאך בלוט,
עס גליט
פון וויי,
עס בליט
פון מוט
און וויי און מוט איצט קאן איך ניט צעטיילן!

אין הייזער-קרייז פארטריבן,
מיט דערנער שטאַלענע פארצאמט,
וואס איז מיר נאָך פארבליבן?
עס פלאמט און פלאמט
מיין בלייך געזיכט
און טרערן שווערע
פארביטערן די קלאָרע ליכט
פון מיינע בייַנקענדיקע אויגן...
אין נידער פון פארנאכטן,
אין שטייגן פון פרימארגן,
אין בלוטן העלישע
מיין אויסוועג איז פארבאָרגן!
ווען הייזער שטייען
אין פלאַם פון וויי-געשרייען,
ווען קנוילן גרויל זיך קויקלען איבער גאסן!
ווער קאן מיר הייסן ווארטן?
ווער קאן פארווערן האסן?...

---



אַ שפּאַן טון מיט נייעם, מיט בּרייטן,
מיט אייגענעם נאָך ניט געגאַנגענעם גאַנג!
ווער זאָגט עס: ס׳איז פרי נאָך, איך דאַרף זיך נאָך גרייטן —
פון יאַרדן ביז וואָלגאַ איז פּאָלג מיך אַ גאַנג

געמאָסטן מיט טריט מיט באשווערטע
די ערדישע דאָרניקע פלאַכן,
מיט זיילן פון פייער, מיט וועקסענע ליכטלאַך —
און גרייטע צו זוכן און גרייטע צו וואַכן...

איך זע זיי, די בלוטן, ביז באָוול,
איך זע זיי, די דאָרשטיקע בויערס די צווייטע,
מיט טרייסטלאָזע קריצן אַף הארציקן טאָוול,
מיט שניט פון אומזיסטיקן ווייטאָק.

און ווייטער,
און ווייטער!...
נאָר ווער וועט דערציילן?
און ווער וועט עס הערן,
ווען ס׳פּלאַקערט דער שייטער?
און ווייטער?

פֿאַר פייער—ערד!
אַ שטויב פֿאַר שווערד,
און ערשטע אָפּערשאָף אַף יעדן שייטער!

מיט שטויביקייט
באַזיגט די גרעסטע ווינטן פון דער וועלט,
מיט פונקען—רעגעס-פלאַם,
ווי זיילן, דורכגעשטראַלט אין אייביקייט!

---

*

צום נייעם קנויט
פון פרייען פאקל דיינעם,
א, גרויסע וועלט!
פון וויי טן וואגלעניש,
מיט שווערן שלעפ פון נויט,
אין קרוין פון אלטער פיין
אויך איך האב דיר א פאדים צוגעשטעלט,
א ווייסן ליינען פאדים,
געטונקט אין רויטן וויין
פון בלוטיקן גערעכט
פאר נייעם קנויט
פון פרייען פאקל דיינעם,
פאר זיין פילפארביקן געפלעכט.

און ווען
אין העל פון ברען,
אין שווארץ פון רויך
ניט קאן איך שוין דערקענען
דעם רויטן פאדים מיינעם —
מיין הארץ נאך ווייסט
פון טרייסט —
כ׳האב אויך א פאדים צוגעשטעלט
צום נייעם קנויט
פון פרייען פאקל דיינעם,
אָ, גרויסע וועלט!

---

ג ע ר ע כ ט י ק י י ט.

ווײַן, ווײַן,
אַלטער ווײַן,
ווײַן פֿון פֿלאַמיקן געוועכס!...
אונטער אַלע הימלען,
אונטער אַלע קעלער־שימלען
אויסגעשטאַנען
און דערבראַוויזט ביז דאַנען,
ביז די ווילדע פֿלאַכן אונטער צאַפֿן־נעכט!
איבער אַלע וועגן
פֿון דײַן וואַגלען,
איבער גאַרער וועלט
שטייען דײַנע לאַגלען
ברייט און ווײַט צעשטעלט!

דארט, בא שיין פון טאגן,
אף דעם וועג פון לאנד פון קנעכט,
האבן ערשטע פינסטערע מראגלים
קאם געטראגן
איין און איינציק איינגל
אף אַ שטאנג!
וויין-וויין,
וויין געטראנק!
וויין פון פלאמיקן גערעכט!
וועלטן שעלטן היינט דיין ברויז,
וועלטן טראגן היינט דיין שוים
אף די ווילדע פלאכן אונטער צאפן-נעכט!

---

דארטן, דארט פון אונטן
רופן העלע הענט...
זון, מיין העלער וואונדער,
העלער זיך צעברען!

הערט, ווי ס׳קלינגען גלעקער,
ווי דער הארן שאלט —
דארט אף מיזראך-שטרעקעס
ווערט א טאג געזאלבט!

בויער, ברען און פלאקער
צווישן שטיין און רויך!
פיר ארוף דיין אקער,
פיר אים אין דער הויך!

שיט און פלייץ פון אויבן
מיט דיין העליש בלוט,
דו ביסט אונזער גלויבן,
דו ביסט אונזער מוט!

ווער דו ביסט און ווער עס
קיינער פרעגט ניט מיין —
אונזער גרויסער עמעס
איז אין אונז אליין!

---

*

מיר שטאַמען פון פעלזן!
פון פעלזן, צעמאָלטע אף מילשטיין פון צייטן...
מיר שטאַמען פון פעלזן,
וואָס האָבן דעם גורל פאַרבונדן
מיט יאָמען,
מיט ווינטן,
מיט ווייטן...

מיר שטאַמען פון פעלזן,
וואָס האָבן צעבראָכן
דעם יאָך פון דעם גליווערנעם שטייען —
מיר גייען —
און וועלדער נאָר וויסטע
אונז קאָנען פאַרהאַלטן...
מיר זיינען די ערשטע
אין פאַלדן פון ווינטן,
מיט וויכערס געבונדן,
מיט כוואַליעס געשוועסטערט,
געברודערט מיט שטורעם —
קיין מיזראַך, קיין מאַרעוו, קיין צאָפן, קיין דאָרעם!

———

*

וואָס זאָל איך דיר זאָגן,
פיינטלעכער פריינט? —
איך דאַרף מיט דיר טראָגן
מיין פיינטלעכן היינט.

עס לעכצן געמיטער
נאָך פריידן, נאָך ליכט, —
זיי טראָג איך מיט ציטער
מיין לויטער געזיכט.

עס וואַרטן געמיטער
אַף צאָרן, אַף גרים, —
פאַר זיי אין געוויטער
דאָ שטאָל איך מיין שטים.

און זידט אויף אין האַרצן
מיין צאָרנדיקער האַס,
ווי זאָל איך אים שוואַרצן
מיט גאַליקן קאַס.

און שטעלט זיך אין אויגן
אַ ביטערע טרער —
איז שווער זיך צו בויגן,
איז אָפּטרייסלען שווער...

וואָס זאָל איך דיר זאָגן,
מיין פיינטלעכער פריינט?
איך מוז מיט דיר טראָגן
מיין פיינלעכן היינט...

---

אָקאָרשט
בין איך אַרויס צו אייך,
פאַרסאַמטע אויצרעס דאָרשט.

אָקאָרשט
בין איך אַרויס צו דיר,
אָ, גרויסער הונגער!

איך אָטעם אָפּ.

ווי שאָלאַכץ
פאַלט פון מיר אַראָפּ
דער שליאַם,

וואָס האָט אין אַלע טיפֿע גריבער
געגאסן זיך
אַריבער מיין אַנבלויזטן קאָפּ.
ווער קאָן אין גלי פון דאָרשט
פון מיר דאָ הייסן יונגער?

פון גרויער אַלטקייט אויסגעטון
מיט ברוינעם נאַקעט מיינעם
צווישן ווילדסטע
צווישן יונגסטע
מיין אַלטע האַנט
איז היינט די גרינגסטע,
די מילדסטע.

---



מיין קיילעכיקע היים,
מיין שווארצע ערד!
מיט אייזיק-קאלטן קאפ,
מיט אייזיק-קאלטע פיס,
מיט הייסן גארטל אף די לענדן!

וואוהין איך זאל מיין בליק ניט ווענדן —
אין יעדן דיינעם קנייטש,
אין יעדן דיינעם ווינקל,
האט שוין געטון א פינקל
דאס אויג פון מיין א ברודער.
מיט יעדערן פון זיי געווען בין איך,
געהערט האט מיין גערודער
יעדער טורעם דיינער,
יעדערע פון דיינע היילן.
ביסט מיינע, ערד, ביסט מיינע.

און איך, איך וועל דיך טיילן!

---

## ברודערשאפט.

זי איז שוין פול, מיין ברוסט,
מיט פארגעפילן הייסע
פון גרויסן קומען דיינעם,
דו, ברודערשאפט!
ווען יעדער אטעם גלוסט,
ווען יעדער רודער שאפט,
ווען יעדער שטיין
איז אפגעשווינקט
פון גלייכגילט און פון שטויב,
ווען יעדער פאל,
ווען יעדער הויב
איז אדער „יאָ”,
איז אדער „ניין”,

נאָר איז א שפּיר,
נאָר איז א צי,
נאָר איז אַ שטויס
פאראויס;
ווען יעדער מי,
ווען יעדער ריר
אין קליין אין קייט
אליין
איז גרויס,
איז ברייט
אליין,
איז הוילע פרייד!

---

*

איך האָב פיל היימען
דאָרט,
אין מארעוו - זייט,
אין טליענדיקע רוימען
מיט בלויע טויערן
פאַרזוימטע,
איך האָב פיל היימען דאָרט.
נאָר ליבער נאָך
איז מיר
דאָס אָרט,
וואו פייער - פיילן
שפּאַלטן טויערן
אין נעכט פאַרטרוימטע,
אַהין, אַהין
פון אומעטום
מיך ציט נאָך פאָרט. —

מיין ליבסטע היים איז דאָרט.

---

# אינהאַלט.

## קאַווקאַז.



## פאַרטאָגן.



## שטאָט.

## געהיימע היימען.



## פאַרגעפילן.



## Tristia.

## שטאָם.

## באמערקטע דרוק-פעלערן.

| ז. | שורע | געדרוקט | דארף זיין |
|---|---|---|---|
| 86 | 4 אונטן | דעם פלאָנטער | דער פלאָנטער |
| 133 | 1 אויבן | ס'ווערט עפשער | ס'וועט עפשער |
| 168 | " 7 | און האט | און אָט |
| 178 | " 2 | פיינטלעכער פריינט | מיין פיינטלעכער פריינט |
| 180 | " 3 | פארסאמטע | פארצאמטע |

---

